


מענדל מאַן

# די גאַס
## פֿון
# בליִענדיקע מאַנדלען

בוענאָס-איירעס
תשי״ט-1958



ישה פײַגענבלום.

סאַנטאַ האָט לאַנג גערעדט. איצט איז שוין אַוודאי האַלבע נאַכט. דאָס קליינע נאַפּט־לעמפּל צאַנקט. די שאָטנס שיילן זיך אָפּ פון די ווענט און נייגן זיך איבער איר בעט. דאָס פלעמל גליטשט זיך אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע. ווידער זענען די ווענט מיט שאָטנס.

פון וואַנען נעמען זיך אַזוי פיל שאָטנס אויף די אָרעמע ווענט פון דעם קליינעם הויז צווישן די קאַקטוסן?

דאָס גאָרטן־טירל סקריפּעט ווי עמעצער וואָלט זיך אויפן טירל געוויגט הין און צוריק. איז דאָס דער ווינט? יאָ, דאָס איז דער ווינט, אַ מיטן־נאַכטיקער ווינט, וואָס קומט פון די הרי־יהודה. ער טרייבט די מידע וואָלקנס צום ים. דאָרט וועלן זיי זיך אויסרוען אויף די כוואַליעס. די בערג זענען נאָענט, זיי הייבן זיך אויף צו די הימלען און לאָזן נאָך זיך שוואַרצע פלאַכן.

באַריס האָט זיך אויפגעזעצט.

סאַנטאַ רעדט ווייַטער. ער דערקענט דאָס לויט די באַוועגונגען פון אירע ליפּן. דאָס פלעמל פאַלט אויף איר פּנים. פאַרשלאָסענע אויגן. די שוואַרצע וויִעס טונקלען אומהיימלעך. די קורצע נאָז די פאַרריסענע מיט דינע נאָזלעפלעך איז ווי פאַרמירמלט. סאַנטאַ איז לאַקנדיק און גלייכצייטיק אָפּשטויסנדיק. עס ווייעט פון איר אַ יענעוועלטיקע קעלטקייט. נאָר פון דעם ברייטן מויל מיט די פולע ליפּן שלאָגט אַ וואַרעמקייט. אַזאַ פייכטע וואַרעמקייט וואָס מאַכט האַסטיקער וויגן די שלייפן. אין איר פּנים איז בולט דאָס געמיש פון לעבן און טויט — האָט ער אַ טראַכט געטאָן; ער האַלט אין זיינע הענט צווי פּעדעם. איין פאָדעם פול מיט עלעקטריציטעט און דער צווייטער ציט זיך פון אַ תהום. זי רעדט נאָך אַלץ. די רייד אירע דערגייען נישט צו אים ווייל ער וויל זיי נישט הערן. אומזין און זין, שיכרות און ניכטערקייט. אין האַלב־שלאָף און האַלב־וואַכיקייט זעט ער ווי צווי פלינקע הירשן לויפן ביינאַנד אויף די שמאָל־געשלענגלטע שטיין־שטעגלעך אין די בערג. זיי מיידן זיך אויס און באַגעגענען זיך אויף די געפּערלעכסטע באַרג־אָראָפּהאַנגען און אָפּגרונטן. איין מאָל באַווייזט זיך דער הירש מיט דער סאַמעטענער פעל און בלאָע אויגן און פּלוצים לויפט אָן דער צווייטער הירש מיט די פלאַקערנדיקע הערנער מיט די בלוט־פאַרלאָפענע אויגן, מיט דער ברענענדיקער פעל. און זי, סאַנטאַ, וואָס איז די באַרג־קעניגין און הערשערין פון דער דאָזיקער טרויעריקער נאַכט ליגט נעבן אים אומבאַוועגלעך און פאַרלאָשן. ניין, זי איז נישט

פאַרלאַשן! די שלייף־אַדערן אירע זענען געשפּאַנט! זי איז פאַרטייעט! זי לויערט אין איר כלומרשטער אָנמאַכט אַזוי ווי די נאַכט־קאַץ צווישן די קאַקטוסן: באַלד וועט זי אַ שפרונג־טאָן. די פּאַלמע רוישט אַזוי ווי מען וואָלט געטראָטן אויף פאַרטריקנטע צווייגן. זיי ברעכן זיך, שאַרכן, קנאַקן. דווקא איצט אין רעגנדיקן ווינטער אַזאַ געסקריפּ פון טריקעניש, אַזאַ קלאַפּעריי ווי פון טויטע ביינער. דאָס זענען די אונטערשטע פּאַלמע־בלעטער, די פאַר־טריקנטע. מאָרגן וועט ער זיי אָפּשניידן. ער וועט לאָזן די גרין־צעשפּרייטע פעכער־בלעטער. זיי שאַרכן נישט אַזוי אומהיימלעך, די גרינע בלעטער, זיי וויגן זיך מילד. און אפשר וויגט זיך גאַרנישט דאָס גאָרטן־טירל, נישט עס שאַרכן די פּאַלמע־בלעטער און די נויגנדיקע שאָטנס איבער דעם בעט זענען נישט קיין שאָטנס. דאָס איז אַלץ אויסדאַכטעניש. ער איז אויך נישטאָ. דאָס אַלץ איז אַ חלום.

ער האָט אַראָפּגעשטעלט די פיס אויף דעם דיל. די קעלט פון די שטיי־נער האָט אים וואַך געמאַכט. אַ ציטער איז אים דורך פון די פינגער־שפּיצן ביז די שלייפן. איצט הערט ער איר קול. די שאָטנס אַרום די אויגן אירע זע־נען גרעסער געוואָרן. זי האָט זיי פאַמעלעך געעפנט. אַ ווינט איז דורכגעלאָפן אין צימער. דער ווינט איז געקומען פון דער בידער און צעוויגט דעם שווערן פאָרהאַנג ביי דער טיר. אין דער זעלבער רגע האָט זיך אָפּגעריסן אַ לאָדן ביים פענצטער און טויב אַ קלאַפּ געטאָן. דערנאָך האָט זיך עפּעס אַוועקגע־קייקלט, אַזוי ווי אַ דונער וואָס קומט פון ווייט, פון יענער זייט בערג און פאַר־גייט פאַמעלעך ביז עס ווערט איינס מיטן עכאָ. און אַז דער עכאָ איז אויסגע־גאַנגען האָט אַ הונט אָנגעהויבן בילן.

— דו האָסט דאָס געוואָלט. דו. הערסטו דאָס אַלץ? זענען דיינע אויערן טויב? מען גייט. באַלד וועט זיך די טיר צעפּראַלן. איך הער טריט.

איצט האָט באַריס דערפילט ווי זיין גלייכגילט און פייגטשאַפט וויגן זיך אויף צוויי שווערע וואָגשאָלן.

סאַנטאַ האָט אַ צי געטאָן די קאָלדרע צו זיך און געקרייצט די הענט. די שאָטנס פון איר פנים זענען צעריסן געוואָרן. די שוואַרצאַפּלען זענען נעלם געוואָרן. איצט האָט זי אויגן פון אַ מירמלנעם קאָפּ. אירע ליפּן באַוועגן זיך:

— עפן נישט די טיר. רוף הילף! הערסטו דאָס געוויין פון איינזאַמען הונט? ער שפּירט דעם אומגליק וואָס דערנענטערט זיך. ער איז פילבאַרער ווי דו. פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרפירט אין דער ווילדעניש? הער זיך צו צו די טריט... זיי רינגלען מיך אַרום... דער קרייז ווערט ענגער און ענגער... עס איז נישטאָ קיין אַנטרינונג...

אירע ליפּן זענען פייכט. דאָס אַלץ וואָס איז אָפּגענומען געוואָרן פון

אירע אויגן, פון דעם טרויעריקן, פאַרשאָטנטן פנים, איז ווי אַוועקגעגעבן געוואָרן די ליפּן.

דאָס נאַפּט־לעמפּל לעשט זיך. די ווענט האָבן שוין מער נישט קיין שאָטנס. זיי האָבן שוין אָפּגעשיילט אַלע שאָטנס פון זיך. איצט שטייען זיי גרויע, נאַקעטע.

— באָריס. באָר... — שעפּטשעט זי — מיין באָר...

דער מירמל דערוואַכט. זי איז נאָענט, אַזוי נאָענט ווי דער פּחד פון דער טרויעריקער נאַכט, ווי דער טויטער בלענד פון די פּוסטע אויגן־לעכער אירע, ווי דאָס קאַלטע פייערל פון שגעון.

ער בייגט זיך איבער איר ווי אַ וואָלקן איבער אַ שווימענדיקער טונקעלער ים־כוואַליע. אַ שווערער וואָלקן וואָס נידערט און נידערט צום ים. ער וועט מיט זיין וואָלקנדיקן גוף פאַרוויגן די צעשטורעמטע וואַסערן, וואָס שלאָגן אָן די גרין־שימלדיקע שטיין־פעלדזן. ער וועט זי איינגעמען מיט זיין שטילקייט, ער וועט זי איינגעמען מיט אַ געדיכטער, נעפּלדיקער פינצטערניש. זי וועט נישט זען דאָס פייער פון הימל, נישט דעם געלויף פון זיגזאַגישע בליצן איבער אויפגעריסענע אָפּגרונטן, זי וועט נישט הערן דאָס געקייקל פון דונערן — זי וועט נאָר אָפּפילן דעם אָטעם פון עפּעס שווערס, וואַרעמס און דערנאָך וועט קומען יענע מעכטיקע, געזעטיקטע שטילקייט — די שטילקייט פון אויפגעאַקערטער שוואַרצערד אַנטקעגן דעם ליכט פון דער פולער לבנה.

דאָס איז נישט געווען באָריסעס אויסבראָך פון ליבשאַפט צו איר. דאָס איז גיכער געגליכן געווען צו דער ווילדער תאווה פון ווינט, ווען ער בושעוועט אין די פאַרהוילענעביימער־קרוינען פון אומהיימלעכע וועלדער.

פאַרטאָג. אַ לעצטער שאַקאַלן־געוויין. שאָטנס צווישן די ביימער. דער טייוולסהאָר זילבערט זיך. די וואָלקנס שווימען צו די יהודה־בערג. זיי זענען לייכט ווי דער זייד־געוועב. די הרי־יהודה וואַרטן שוין. יעדער באַרג־שפּיץ, יעדער פעלדז וועט אָפּזוכן זיין וואָלקן.

פון וואַנען אַזוי פיל זילבער אין די אייַלבערט־קרוינען? אַזאַ טרויעריקע זילבער־שיין. די קאַקטוסן זענען געזעטיקטע. די בלאַט־פלאַכן — פולע, זאַפטיקע. ביינאַכט איז זייער אָפּשאָטן געפאַלן אויף די ווענט פון קליינעם הייזל. עס האָט אויסגעזען ווי טויזנט קעפּ וואָלטן אין מיט פון אַ טאַנץ פאַרגליווערט געוואָרן. איצט איז אַלץ מילד. אַפילו דאָס זאַמד־וועגל איז אַזוי יום־טובדיק, אַזוי ניי. דער ווינט האָט פאַרווייעט די נאַכטיקע שפּורן. געבליבן זענען נאָר ביי די ראַנדן דראָבנע פייגל־טריט, קוים מערקבאַרע, אַזוי ווי נאָדל־שטעך אויף אַ ליכטיקן געוואַנט. דער פרימאָרגן־נעפּל האָט דאָרט געלאָזן טוי־

טראָפּנס. פּינקלען זיי אין דעם פאַרטאָג. עס זעט אויס ווי עמעצער וואָלט אין דער נאַכט פאַרלאָרן אַ זילבערנעם האַלדזבאַנד.

דאָס אַלטע קעמל־וועגל איז פון ביידע זייטן באַזעצט מיט אַ קאַקטוס־צוים. איצט איז עס אָפן פאַרן אָנקומענדיקן טאָג. אויף זיין זאַמד וועט פאַר־צייכנט ווערן מיט זאַמד־העראָגליפן די געשיכטע פון אַ נייעם, גאָט־געשענקטן טאָג, ביז עס וועט קומען די האַלבע נאַכט און מיט דעם אומרויִקן ווינט אַלץ פאַרווישן.

עמעצער גייט אויפן וועגל און רעדט ווי צו זיך אַליין. דאָס איז די שכנטע אסתר. זי האָט שוין אויסגעמיטן דעם סיקאָמאָר־בוים. דאָס טירל וויגט זיך — אַ סימן אַז זי איז שוין אין הויף. איר קול איז אייליק, אומגעדולדיק:

— וואָס שלאָפט איר אַזוי לאַנג אין טאָג אַריין? האַ, שכנטע, האַ? איר הערט? אַ גוט־מאָרגן אייך. איך בין אַ האַלבע נאַכט נישט געשלאָפן. איר הערט? אוי־וויי מיר נישט געשען...

די טיר האָט זיך האַסטיק צעעפנט און סאַנטאַ איז געבליבן שטיין. די צערִיסענע שאָטנס פון דער נאַכט זענען נאָך מערער צעפּיצלט געוואָרן אויף איר פּנים. זי האָט געקוקט אויף דער שכנטע ווי דורך אַ געדיכטער נעץ און געשוויגן.

— וואָס איז מיט אייך? איר זענט קראַנק, סאַנטאַ? עפּעס אַזאַ געל פּנים...

אסתר האָט פאַרלייגט ביידע הענט אויף די זייטן. אירע קליינע צונויפ־געזעצטע אויגן האָבן געשפּיזלט ווי די קאַקטוס־שטעכערס. — אייך אַרט גאָר־נישט. אָפּגעשלאָפן די נאַכט און גאָרנישט געהערט?... אוי, ווי איך בין אייך מקנא... אוי־וויי מיר נישט געשען...

— וואָס איז געשען, אסתר? — האָט באַריס געפרעגט.

זי איז צוגעקומען נענטער מיט אַ פאַרטרוילעכן וויגנדיקן גאַנג.

— מען האָט עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן. איך האָב געמיינט אַז עס איז לעבן אייערע פענצטער. דערנאָך האָב איך געהערט וויינען, אַ פרויאיש גע־וויין. מיין לעאָן האָט געוואָלט אַרויסגיין אַ קוק טאָן. איך האָב פאַרבראָכן די הענט און געזאָגט צו אים: שוין שטאַרב איך, די רגע, אויב דו וועסט אַרי־בערגיין פון דער שוועל. דערנאָך זענען מיר ביידע געשטאַנען אין די נאַכט־העמדער ביים פענצטערל און געזען שאָטנס... זיי זענען געלאָפן צו אייער שטוב... דערנאָך האָב איך געזען ווי אַ ווייסער זייל האָט אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק...

אירע אויגן זענען פאַמעלעך גרעסער געוואָרן. זי האָט זיך געוויגט צום ריטם פון דעם אינעווייניקסטן נאָך נישט אויסגעוויינטן געוויין.

באַריס האָט געקוקט אויףביידע פרויען.

סאַנטאַ איז שלאַנק, דאָס פּנים לענגלעך. קאָנסט קיינמאָל נישט אַריינ־קוקן אין דעם פּנים. האָסט תמיד דאָס געפיל אַז אַ שלייער טיילט דיך אָפּ, אַזוי ווי אַ נעפּל וואָלט זי פאַרהילט. און דאָס האָט אים דווקא געלאָקט. ער האָט יעדעס מאָל עפּעס אַנדערש געזען פון אונטער דעם נעפּל און דערנאָך איז עס צערונען געוואָרן. ער האָט קיינמאָל נישט געדענקט איר פּנים. נאָר די שאָטנס האָט ער ביז ווייטיק געקענט: די שאָטנס פון אירע אויגן, די אומ־רואיקע און פאַרטרערטע ווײַעס.

אסתּר איז קליין, וויגנדיק, מיט קורצע הענט באַוועגלעכע. פון איר גאַנצן געשטעל טראָגט זיך אַזאַ אויפגעבונדענע, נישט־געצוימטע קראַפט אַזוי ווי פון אַ בעל־חי וואָס האָט זיך שוין באַלד אינגאַנצן באַפרייט פון צעריסענעם גע־שפּאַן. באַריסן דאַכט זיך אַז די שכנטע אסתּר וועט אויסברעכן מיט עפּעס. ער ווייסט נישט אויב דאָס וועט זיין אַ געלעכטער וואָס מאַכט ציטערן די שלייפן, אָדער דאָס וועט זיין אַ כליפּערײַ. סאַנטאַ איז אַ שווייגערין. זי איז פאַרשלאָסן. נאָר אין די נעכט רעדט זי. ס'איז דאָ זין אין אירע רייד, אַפילו אין די אומזיניקע. זיי האָבן אַן אָנהאַלט.

— אייך איז גוט. איך בין מקנא. עס איז אַזוי שטיל ביי אייך... מיין לעאָן איז שוין אַוועק צו דער אַרבעט און עס איז נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורײדן. אַזאַ וויסטע נאַכט... צו אַלע מיינע שונאים... עס ווילט זיך מיר שרייען...

באַריס האָט זיך צוריקגעצויגן אין צימער אַריין. ער האָט מורא פאַרן נישט־געשריגענעם געשריי פון דער שכנטע אסתּר.

די קאַץ, וואָס האָט די גאַנצע נאַכט געלויערט אין די קוסטעס, איז איצט צוגעקומען ביז דעם שטיינערנעם פּלויט. זי טרויט זיך אַלץ נישט אַריינצוגיין אין הויף. שוין חדשים לאַנג ווי זי באַווייזט זיך יעדן טאָג ביים צוים. זי דער־קענט נישט די אַלטע תּושבים. זיי זענען נעלם געוואָרן, די אַראַבער פון דעם הויף, פון קעמלוועג, פון דעם דאָרף. צו די נייע תּושבים האָט זי זיך נאָך נישט צוגעוווינט. נישט זי קאָן אַוועק פון הויף און נישט זי קאָן זיך צו אים דער־נענטערן און ווערן ווידער פאַרהיימישט.

גרינע קאַץ־אויגן; גרויסע, פייכטע, מיט אַ פייער־פּונק אַ דימענט־גרי־בעם קוקן אויף סאַנטאַן. עמעצער דאַרף וויינען! עמעצער מוז איצט וויינען!

איך וועל אויסברעכן אין אַ געוויין, טראַכט באַריס. אַ, גאָט, וואָס איז מיט מיר?

די קאַץ לויערט. ביידע ווייבער קוקן זיך אָן: עס האָבן זיך באַגעגנט שרעק

מיט שרעק, שגעון מיט שגעון. עפּעס וועט געשען! עפּעס וועט געשען! ער דריקט די פויסטן. ער בייסט די ליפּן. דאָס געשריי לויפט אין אים אַרום.

אויפן קאַקטוס־צוים האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ גרויסער מיאוסער פויגל. ער פּאַטשט מיט די פליגל צווישן די שטעכערס, און אַזוי, נישט אַוועקזעצנ־דיק זיך, שוועבנדיק איבער דער איבערגעררייפטער רויטער קאַקטוס־פּרוכט, פּיקט ער אויף דאָס אָנגעפּוילטע הייטל און שלעפּט פון דאָרטן מיטן שנאָבל דאָס רויטע פלייש פון סאַבּרעס. דער קאַצס אויגן האָבן איצט אַ רויטן אָפּשיין.

באַריס האָט זיך אַ ריס־געטאָן פון דער שוועל און געוואָרפן אַ שטיין. די קאַץ איז אָפּגעשפּרונגען מיט אימפּעט. דער פויגל האָט זיך אויפגעהויבן און איז נעלם געוואָרן. די שכנטע אסתר איז אויסגעבראָכן אין אַ וויסטיק אומ־היימלעכן געלעכטער. זי האָט געפּאַטשט איין האַנט אָן דער אַנדערער און פאַרגאַנגען זיך אין אַ קייכן. דאָס איז געווען אַ געלעכטער וואָס האָט געמאַכט פרירן די געבליטן.

ער קאָן מער נישט הערן דאָס געלעכטער אין דעם וויסטן קעמלוועג. זאָל עס אויפהערן!

באַריס שאַרט זיך ביים צוים. ער איז שוין ביים טירל. ער וועט אַוועק. אין שכנישן הויז וויינט אַ קינד. אסתר איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. ער הערט איצט אירע אייליקע טריט. זי לויפט לעבן אים פאַרביי.

— דאָס וויינט מיין מיידעלע און איך שטיי דאָ און לאַך... אוי ווי איז מיר...

ער גייט לענגאויס דעם קאַקטוס־צוים און פאַרקערוועט אויף רעכטס, צו דער אַלטער ברונעם. וואָס טוט ער דאָ אין דעם פרימאָרגן?

די טיפעניש פון דעם ברונעם לאָקט אים. די שטיינער זענען פאַרוואַקסן מיט אַ ברוינעם גליטשיקן מאָך, מיט ווילד־שוואָמען. גליטשיקע שטיין־ווענט. דאָס ליכט וואָס פאַלט אויף זיי קומט פון אונטן, פון דעם קיילעכדיקן ברו־נעם־אויג. ער בייגט זיך איין און וויל אַריינשרייען אין דער טיפעניש. אַריין, אַריינוויינען. זיין האַנט שוועבט אין חלל און ער פאַרלירט דעם גלייכוואָג. וואָס איז מיט מיר?

זיינע אויגן לאַכן. ער וויל אויך לאַכן מיט מויל. עס קומט אָבער אַרויס אַן אויסקרימעניש. ער זעט די קרומקייט אין ברונעם־שפּיגל, אויף די שטיינער.

סאַנטאַ האָט שוין געגרייט דעם פרישטיק. אַ בלייכער ליכט־שטרייף שפּילט זיך אויף איר פּנים.

ער וויל איר זאָגן גוטע, מילדע רייד. ער קאָן דאָס אָבער נישט. נאָר זיינע ציטערנדיקע פינגער באַרירן אירע הענט.

באַריס איז נישט אַוועק דעם טאָג צו דער אַרבעט. אין געסל איז שטיל. דאָס פאַראַיאָריקעווילדגראָז זילבערט זיך. די שפּיצן פון די פאַרטריקנטע מאַראַנצן־ביימער זענען באַדעקט מיט שנעקעס. אין די שפּאַלטן פון די קרישל־שטיינער טונקלט זיך דער טוי. ביים אַלטן מעטשעט שטייען עטלעכע אייזלען. פון די ריצן אין די מעטשעט־ווענט שפּראָצן פרישע גראָזן. שטייך־וועגעלעך וויקלען זיך אַרום מעטשעט און פירן צו בלינדע, געל־ליימיקע ווענט; טויבע, צעקרימטע, איינגעפאַלענע, מיט אַרויסגעזעצטע בייכער, מיט קליינע שאַרף־בלאָע טירלעך, מיט פענצטערלעך וואָס האָבן אַמאָל געהאַט אַ ראָזע פאַרב. ווידער ווענט. זיי וויקלען זיך באַרג־אַרויף, זיי קניִען פאַר די תות־ביימער און רויטע צעשאָטענע אויף פעלדזן־שטיין. די ערד איז באַדעקט מיט קורקאר, מיט אַ ברוין־ליימיק צעפּאָקטן שטיין, צווישן וועלכע עס סטערטשען דערנער. ער איז אַריין אין דעם לאַבירינט פון די ליים־געסלעך, אין די הייף, אין די ליקלעך און עס איז אים אויסטערליש גוט געווען. אָט אָ די פרעמדקייט, דער לאָקנדיקער פּחד, דער ריח פון פוילעניש, פון פאַרלאָזנקייט, פון איינזאַמקייט האָט אַזוי געפּאַסט צו די פאַרבן פון פאַרוויסטן און פאַרלאָזענעם אַראַבישן דאָרף.

נאָך וואָס פּלאָנטער איך זיך אַרום אין דעם דאָרף?

ער האָט געוואָלט אַוועק פון דאַנען, איבערלאָזן דאָס הויז און גיין אין שטאָט אַריין. ער האָט דאָס נישט איין מאָל באַשלאָסן צוזאַמען מיט סאָנטאַן און דאָך האָט אים עפּעס אָפּגעהאַלטן. עס איז שוין פאַרביי דער דריטער חודש זינט ער איז געקומען אַהער גלייך פון דער שיף. מען האָט אים געהייסן אויסקלייבן זיך אַ וווינונג, איז ער צוזאַמען מיט סאָנטאַן אַרומגעגאַנגען איבער די געסלעך, אַריינגעקוקט אין הונדערטער הייף און געבליבן אין דעם ווייטיקן זאַמד־געסל, אין דעם הויז צווישן די קאַקטוסן. דאָס איז געווען אין אַ נעפּלדיקן טאָג, נאָך דעם ווי עס איז אויסגעפאַלן דער יורה. סאָנטאַ איז געהאַנגען אויף זיין אָרעם. זיי זענען געגאַנגען איבער דעם פּוסטן דאָרף און צעפּראַלט שווערע טויערן. באָריסן האָט פאַרכאַפּט די רו פון פאַרלאָזנקייט. דאָ איז אַלץ אַזוי בראשיתדיק. דאָ וועל איך קענען מאָלן. איך וועל זיך אַנטפלעקן אין דעם דאָרף. יעדער מענטש טראָגט אין זיין לעבן אַ חלום, אַמאָל איז עס אַ חלום וועגן ליכט פון בולוואַרן, געררויש פון גאַסן און ביי טייל מענטשן וועגן שטילן, נידעריקן, גרינעם פעלד ביי אַ קליין דאָרף־שטיבל. איך פיל אַזאַ גלייכגעוויכט אין זיך. זע, אָט אָ די שטיין־וועגן, די ליימענע ווענט, די שווערע טויערן. קוק זיך צו צום מעטשעט, צו דעם פאַרבן־שפּיל פון ליימערד, זילבער־גראָזן, בלויע קאַלך־ווענט, צום האַרטן פאַלמע־גרין, צום ברוין פון פאַרלאָזנקייט און איבער דעם אַלעם — דאָס מילדע גוטע דורכזעעוודיקע בלאָ פון הימל.

זיי זענען געקומען אין לאַנד אַריין וויילביידע האָבן געוואָלט פון דעם נעכטן אַוועקגיין. דאָס דאָרף האָט זיי אַריינגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער וועלט. אַרבעט האָט ער באַקומען אין אַן אַרכיטעקטן־ביוראָ. כאָטש נישט קיין שטענדיקע אַרבעט, האָט ער דאָך פאַרדינט אויף זיין חיונה. דאָס דאָרף איז נישט ווייט פון שטאָט, אײַנגאַנצן אַ האַלבע שעה מיטן אויטאָ. די שטאָט האָט זיי צעטומלט, איבערגעשראָקן און מיד געמאַכט. סאַנטאַ האָט פאַרלוירן איר זיכערקייט אין זיך. איר איז דאָרט אַלץ פרעמד געווען. אין די ערשטע טעג האָט זי זיך גוט געפילט אין דעם איינזאַמען הויז, דערנאָך האָט זי זיך אָנגעהויבן צו שרעקן. צוערשט איז עס געווען צוליב דעם שאַקאַלן־געוויין, דערנאָך איז זי איבערגעוועקט געוואָרן אין די נעכט פון אַ פויגל־געשריי. עס האָבן זי געשראָקן די פלעדערמייז און אַלערליי נאַכט־שאָטנס, מיט וועלכע עס איז פול געווען דאָס אַלטע אַראַבישע דאָרף. זי האָט מורא געהאַט פאַרבייצוגיין דעם טונקל־פאַרצווייגטן סיקאָמאָר. אַזאַ מעכטיקער בוים מיט אַזויפיל שאָטנס אין די צווייגן. דער פּחד פון די פאַרגאַנגענע יאָרן אירע האָט זיך פאַרהוילן אין די פלעכט־קוסטעס און גרוילט פון דאָרט אַרויס אין די אימהדיקע נעכט. צוערשט האָט זי געלאַכט פון אָטאָ די שוואַכקייטן אירע, דערנאָך האָט זי געשוויגן און איינגעהערט זיך אין יעדן שאָרך.

מען הערט טריט אין געסל. פון וואַנען קומען זיי? וווהין גייען זיי? ער־געץ האָבן זיי זיך אָנגעהויבן די דאָזיקע טריט! זיי ווילן זיך דאָך אָפּשטעלן פאַר עמעצנס שוועלן. וואָס ברענגען זיי מיט זיך? רו אָדער אומרו?

סאַנטאַ האָט אים געוועקט פון שלאָף, געוועקט מיט פאַרדעמפטע געשרייען ווי זיי וואָלטן געקומען פון טיפע ברונעמער.

איצט איז אים גוט, אין דעם געוויקל פון די געסלעך. ער איז אַרויס אויף אַ פרייען שטח. די ליים־הייזלעך זענען זיך צעפאַלן פון דער טריקעניש, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַזש ביז נאָוועמבער. קיינער האָט נישט פאַרראַכטן די שפּאַלטן מיט פרישן ליים אויסגעמישט מיט קעמל־מיסט. און אַז עס זענען געקומען די ערשטע רעגנס, האָבן זיך צעשאָטן די ליימיקע דעכער. היימלאָזע הינט, וואָס האָבן שוין פון איינזאַמקייט פאַרגעסן צו בילן, וואָגלען ביי די צעשאָטענע ליים־בערגלעך. זיי טרויען זיך נישט אָן אַפילו דעם שאָטן פון אַ מענטש, נאָר די אייזלען וויינען אויס דאָס אַלטע געוויין, דאָס אייביקע פון פאַרלאָזנקייט און וויסטעניש.

פרעמדע מענטשן נישטערן אַרום אין דאָרף. זיי זענען פול אין די געסלעך, אין די הייף. אויסטערלישע מענטשן זענען דאָס, פון פאַרשיידענע לענדער זענען זיי געקומען, אויף פאַרשיידענע שפּראַכן ריידן זיי. ברייט־פּנימדיקע בולגאַרן, אומרואיקע שאַרף־אויגיקע אונגאַרער, גוטמוטיקע תימנער און

פאַרשיידענע פאַרדעכטיקע פאַרשוינען מיט פנימער ווי פון געהאַמערטן קו־פער; געשטופלטע, געמאַרשטשעטע, מיט שטעכיקע וואָנצעס, זיי נישטערן אַרום אין די הייף, זיי פראַלן אויף די טויערן ווי באַלעבאַטים, זיי גייען זי־כער אויף דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער ערד, ווי זיי וואָלטן דאָ געקענט יע־דעס ווינקל.

— דאָ ווינט מען שוין. — האָט סאַנטאַ געזאָגט צו עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף דער שוועל פון איר שטוב.

איינער האָט אַ בליאַסק־געטאָן מיט די ציין און אין די אויגן האָבן זיך באַוויזן פייערן.

זי האָט געוואָלט שרייען. די מענטשן זענען אַוועק. זיי האָבן נישט גע־מיינט איר שלעכטס טאָן. שפּעטער האָט זיך סאַנטאַ נישט געקאָנט שענקען פאַר איר אומרו. דאָס נישט־אויסגעשריגענע געשריי איז געלעגן אויף אירע ליפן. זי האָט עס געמוזט אויסשרייען. אַלץ איז געווען גרייט דערצו. איצט קאָן זי זיך נישט איינהאַלטן. זי וועט שרייען ווען זיי וועלן פאַרשווינדן פון זאַמד־וועג. און מיט אַ מאָל איז זי אויסגעבראָכן אין אַ געשריי און אין אַ געלעכטער. אַ האַלב מויל האָט געשריִען און אין דער זעלבער צייט האָט דאָס אַנדערע האַלבע מויל געלאַכט, ווי עס וואָלט געוואָלט פאַרדעקן די אומזיסטע שרעק. סאַנטאַ האָט געוואָלט זיך אַליין באַרואיקן דורך אַ שטילן ניגון וואָס זי האָט געצויגן, אַ ניגון אַ מאָנאָטאָנער ווי דער נאָכקלאַנג פון אַ באַריר אין אַ סטרונע.

טייל מאָל איז אַ פרעמדער שטיין געבליבן אין מיטן קעמל־וועג און גע־קוקט צו די קליינע הייזער. ער האָט נישט געוווּסט צי ער זאָל גיין ווייטער אָדער צוריקגיין צום הויפּטוועג. דער פרעמדער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי רופן צו די מענטשן פון דעם געסל. דער צוגאַנג צו די שטיבער איז צווישן די סאַברע־קוסטעס, ביי בלינדע ווענט, פאַרריגלטע טירלעך — טאָ ווי אַזוי וועט ער רופן צו די מענטשן? איז ער געבליבן שטיין אין שאָטן פון סיקאַמאָר אַן אומבאַהאָלפענער און טרויעריקער, ביז עס האָט זיך אַרויסגעריסן פון פרעמדן אַ קול. דאָס איז געווען אַ רוף וואָס עס שרייט אַן איינזאַמער מענטש אין אַ וואַלד, אין אַ מדבר. און אין דעם רוף איז געווען אי געבעט, אי פּחד, אי קו־ראַזש און ווילן צו פאַרטרייבן די איינזאַמקייט, אי אַ האָפענונג, אַז עפּעס וועט זיך אָפּרופן אין גאָטס וועלט. אפשר וועט דאָס זיין אַ מענטש, אפשר אַ הונט אָדער אַ פויגל. נאָר קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן אין דעם זאַמד־נעסל; נישט די קאַץ צווישן די קאַקטוסן, נישט דער הונט וואָס האָט פון איינזאַמקייט פאַרלאָרן דאָס הינטישע קול. קיינער נישט פון די געסל־תושי

בים. נאָר סאַנטאַ האָט זיך אַ באַרוועסע צוגעשלייכט צום קליינעם פאַרקראַ־
טעוועטן פענצטערל און פון הינטער דעם פאָרהאַנג געקוקט צו דעם סיקאַ־
מאָר, ווו עס איז אַלץ געשטאַנען דער מידער פרעמדער מענטש.

אַ גאַנצן טאָג איז באַריס אַרומגעגאַנגען אין די וויקל־געסלעך, געגאַנ־
גען אָן שום צוועק, אַרומגעקרייזט די ליים־חורבות און ווידער אַנגעטראָפן די
זעלבע שטיין־שטעגלעך, וואָס ער האָט אויף זיי געטראָטן מיט אַ שעה צוריק.
די מידקייט האָט אים פאַרטעמפּט און די טעמפּקייט — באַרואיקט. ער איז
געגאַנגען מיט נאָכלאָזיקע טריט און גאָרנישט געטראַכט. ער האָט מער נישט
געזען דעם זילבער־שימער פון די דערנער־קרוינען, נישט די גוטע הימלען די
מילד־בלאָע. אַ טרויער, אַ וויסטער נישט־געאַנטער טרויער, האָט ווי אַ גע־
ריכטער נעפּל אַ ליימיק־ברוינלעכער אים פאַרהילט. ער איז אַנטלאָפן פון
וויסן שרעק, וואָס האָט זיך געשפּרייט אַרום אים ערגעץ אויף די פאַרשנייטע
רוסישע פעלדער די אומענדלעכע, אויף שניי־פּליינען די הונגעריקע, די טויי־
טע. ווייסער טויט אין פאַרשנייטע מלחמה־פעלדער. ווייסע מאַסקיר־כאַלאַטן,
וואָס פאַרוואַנדלען מענטשן אין געשפּענסטער. דער טויט אויף אַ פאַרשנייט
פעלד ווו די שניי־פלאָטערלעך פאַלן אויף דיינע ליפּן און צעגייען שוין נישט...
און דערנאָך — דאָס וויסטע אַראַביש דאָרף — און די שרעק האָט דאָ אָנגע־
נומען אַן אַנדער פאַרב, זי האָט די קאָליר פון ליימיקן ברוין: די ווענט, די
שטיינער, די טרויעריקע ערד, די ליימיקע דילן, די טרוקענע צווייגן. אַן אויס־
געלאָשענער ברוין — דאָס איז די פאַרב פון פאַרלאָזנקייט, פון פרעמדעניש,
פון שרעק, וואָס פאַרטייעט זיך צווישן דעם ברוינעם געוויקסן־אַפּפאַל, צווישן
די פלעכט־קוסטעס די פאַרטריקנטע, צווישן די שטאַמען די געקאָרבטע פון
די פאַלמעס, פון די פוילנדיקע סיקאַמאָר־פּירות, אַרום וועלכע עס ראַיעט אַ
כמאַרע ברוינע פליגן.

ביים מעטשעט האָט ער באַגעגנט עטלעכע שכנים.

עס איז שוין פאַרנאַכט. באַלד וועט מען צינדן די נאַפט־לעמפּ. די אייז־
לען זענען שוין פאַרמאַכט אין די שטעלער. צוויי הינט זענען דורכגעלאָפן
פאַרביי דער שטיינערנער קאָרעטע. זיי האָבן אַ לעק־געטאָן דעם טונקעלן
שטיין.

עמעצער האָט געטייטלט צו די הרי־יהודה.

— דאָרט איז שוין יענע זייט...

מען האָט נישט געקאָנט וויסן צי דאָס איז אַ פראַגע אָדער סתם אַזאַ
זאָג צו די אָוונטיקע הימלען, צו די מעטשעט־שטיינער, און אפשר איז עס אַ
ווילן איבערצורייסן דאָס שווייגן און פאַרפירן אַ שמועס. דער מענטש וואָס

האָט דאָס געזאָגט איז צוגעקומען נענטער און דערביי געווישט מיט אַ האַנט דעם שטערן.

— דאָרט איז די גרענעץ...

— אַזוי מיינט איר?

— עס איז דאָך ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען...

איינער, אַ הויכער מיט לאַנגע וויגנדיקע הענט, האָט צוגעגעבן:

— זיי זיצן אונדז אויפן קאַרק. יעדעס וועגל קענען זיי, די אַראַבער... אַט, פון יענע בערג זעט מען אַלץ וואָס עס טוט זיך ביי אונדז...

עס איז שטיל געוואָרן. עמעצער האָט איבערגעשטעלט די פיס און גע־זאָגט:

— אַ פאַרשוין האָט זיך היינט אַרומגעדרייט לעבן מיין הויף. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט אַז דאָס איז אַן אַראַבער...

— אַזוי גאָר? אַן אַראַבער?

— וואָס איז דער חידוש? זיי האָבן דאָך דאָ געלעבט.

— הע־הע... דאָ געלעבט... און אַז מיר האָבן ד אָ ר ט געלעבט?...

באָריס האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר אַ פּלוצימדיקער שאַקאַלן־געשריי פון וויסטן פּרדס האָט אויפגעריסן די שלייפן.

דער הויכער האָט גערעדט שטיל און פאַרהוילן:

— אויב דער פרעמדער איז געווען אַן אַראַבער איז די זאַך נישט סתם... ער האָט אַ פאַרמעגן פאַרגראָבן אין הויף בעתן אַנטלויפן. ער וועט ווידער קומען. קענסט זיי נישט... הע־הע... זיי ווייסן אַלץ וואָס עס טוט זיך דאָ... אוי, ווייסן זיי...

די מענטשן האָבן זיך געהילט אין די מאַנטלען, פאַרלייגט איין פאָלע אויף דער אַנדערער און געזוכט אין די אָוונטיקע הימלען די שטערן.

— איר האָט געהערט וואָס עס איז געשען אין רמלה? זיי זענען אַריין אין אַ יידישער שטוב און אַלעמען... דאָס האָט געטאָן דער אַמאָליקער איינ־וווינער פון אַראַבישן הויז... זיי זענען אַליין אַוועק, די אַראַבער... איצט קו־מען זיי אין די נעכט... יעדעס וועגל קענען זיי...

קיינער האָט גאָרנישט געזאָגט. מען איז אַוועק שווייגנדיקע.

פון די הויכע ליים־צוימען פאַלט אַ שאָטן. דער שאָטן ברעכט זיך. איצט פילט באָריס אויף דעם גומען דעם טעם פון פאַרלאָזנקייט, אַזאַ איבלדיק ביי־טערניש ווי פון שימלדיק ברויט.

דאָרט, אויף די מלחמה־פעלדער די ווייס־פאַרשנייטע, איז דער פּחד גע־ווען אַן אָפּענער ביז ווייטיק, ביז אויגן־בלענדעניש. דו האָסט געזען יעדעס פינטל, דו האָסט געפילט די ריינקייט פון דער לופט, דעם זילבערדיק פראָס־

טיקן הויך פון טויט. די הימלען זענען גוט געווען צו דיר. דו האָסט געקאָנט דעם פּחד אַנטקעגנגיין פּנים־אל־פּנים, האָסט זיך מיט אים פאַרמאָסטן ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן. דו האָסט דעם גורל געקוקט אין די קאַלטע פּראָסטיקע אויגן אַריין. דאָ איז אַלץ אַנדערש: שאָטנס, טריקעניש, טייוולס־האָר־קוס־טעס, קאַקטוסן, פאַרהוילענע שטעגן מיט פאַרקראַמפּטע צווייגן און קריך־גראָזן, סטייעס שאַקאַלן, וואָס אין די נעכט יאָמערן זיי ווי קינדער פאַרבלאָנקעטע, ווי פרויען אומגליקלעכע, ווי זקנים שטאַרבנדיקע און בייטאָג שלייכן זיך די שאַקאַלן אַרום ווי שאָטנס פון שדים. אין די נעכט שרעקן דיך די וויקל־געס־לעך די פאַרפּלאָנטערטע, די ליים־הייזער די פאַרוויסטע, די צווייגן פון טרי־קעניש צעשפּאָלטענע, צעקראַמפּטע, שטעכיקע ווי די אָדלער־שפּאָנעס שאַר־פע, און פון דעם שאָטן־לאַבירינט טיילט זיך אויס אַ געשפּענסט, ער גייט מיט קעצישע טריט, ער שוועבט צווישן די נידעריקע וואָלקנס, ער שפּאַנט אי־בער די שטעך־קוסטעס, ער נישטערט אין די אַלטע הייף, ער באַהאַלט זיך לעבן די סיקאַמאָרן. טיילמאָל בלייבט ער פאַרגליווערט ווי אַ ציפּרעס אין מיטן די בוריאַן־פעלדער און זאַמלט אַרום זיך די שאַקאַלן און אַז זיי קומען זיך אַלע צונויף אין דער טרויעריקער נעפּל־נאַכט, טוט ער אַ צייכן און ער טראָגט זיך מיט דער שאַקאַלן־סטאַיע צום האַלב־וויסטן דאָרף.

און אַז סאַנטאַ האָט דערהערט דעם שאַקאַלן־געוויין אין מיטן דער נאַכט, איז זי אויפגעשפּרונגען פון געלעגער. זי איז געלאָפן אַ באָרוועסע אי־בערן צימער און שטיין געבליבן ביים קליינעם פאַרקראַטעוועטן פענצטערל.

— איך זע דעם פרעמדן. ער גייט צו אונדז. צווישן זיינע ציין פינקלט די שאַרף פון שטאָל.

די שכנטע אסתר גייט איבערן זאַמד־געסל.

נעבן סיקאַמאָר איז זי געבליבן שטיין. די פאַרווילדעוועטע קאַץ זיצט אויף אַ דיקער צווייג. די קעצישע אויגן גלי‌ען פון די שאָטנס אַרויס.

אַ פויגל האָט פּלוצים אַ געשריי געטאָן און זיך אָפּגעריסן פון בוים. דער קאַצס אויגן ברענען!

אסתר האָט פאַרבראָכן די הענט און רעדט צו זיך. דאָס איז אַ בייז גע־רעדעריי, אַ מאָנאָטאָן, אַ טרוקנס. און אַז זי איז אַריינגעפאַלן אין הייפל איז איר קול נאָך בייזער געוואָרן.

— סאַנטאַ, ווו זענט איר? אוי וויי־מיר נישט געשען... אַזעלכע אויגן פון דער קאַץ... ס'איז אַ שד. זאָג איך אינען... דאָס האַרץ ווערט צעריסן. ווו דו שטעלסט אַ טראָט טרעפסטו אַלדאָס בייז. נעכטן האָט זיך לעבן לעאָנס פּיס דורכגעגליטשט אַ שלאַנג מיט אַ זילבערנעם רוקן... דער בולגאַר האָט פאַרנאַכט געכאַפּט אַ הונט. ער האָט אים צוגעבונדן אין הויף... אַ גאַנצע נאַכט

האָט ער אַפּילו נישט געטאָן קיין ביל... מיין לעאָן האָט אין דער פרי דער־קענט, אַז דאָס איז נישט קיין הונט נאָר אַ שאַקאַל... סאַנטאַ, אוי־ווי... איך רייד דאָך צו די ווענט, ווו זענט איר?...

זי האָט זיך אַלץ נישט געקענט באַרואיקן. עס איז איר גוט געווען בעתן ריידן. דאָס איז געווען ממש אַ נויטווענדיקייט. זי האָט אַזוי אַרום אָפּגע־שטויסן פון זיך דעם פחד. זי איז פול געוואָרן פון איר אייגענעם מאָנאָטאָנעם גערייד און דאָס ריידן איז געווען אַן אָנהאַלט פאַר איר. עס איז איר נייטיק געווען ווי ס׳אָרעמע ליכט פאַר אַ בלאָנקענדיקן נאַכט־וואַנדערער.

און אַז די שכנטע האָט זיך צונויפגעטראָפן אויף דער שוועל מיט באַריסן, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט.

— אַ גוטן אויפשטאַנד אייך. איר שלאָפט און ווייסט גאָרנישט! איר האָט גאָרנישט געהערט?

אסתרס אויגן האָבן געגליט אַזוי ווי זיי וואָלטן איבערגענומען דאָס פייער פון דער קאַצס אויגן אין די סיקאָמאָר־צווייגן. איר קול איז געוואָרן שטילער, פאַרטרוילעכער.

— אַ פרעמדער איז נעכטן געשטאַנען ביים פענצטער. עס איז געווען אַרום צוועלף... איך האָב דעם פרעמדן דערקענט לויט די שליפּיעס די ברע־נענדיקע, אַזוי ווי ביי דער ווילדער קאַץ... דאָס קינד שלאָפט. לעאָן ליגט מיד און מאַט — און דאָ — אַרום פענצטער אַ נעפל אַ גראָער, און אין נעפל פייערן צוויי... אויגן... איך וויל שרייען נאָר עס איז מיר אַ שאָד איבערצו־וועקן מיין לעאָן. ער האָרעוועט אַזוי שווער אויפן שאָסיי... און דאָס קינד וועט זיך איבערוועקן מיט אַ געוויין... קוק איך אין די שדישע שליפּיעס אַריין. איך מוז עפּעס טאָן... ער וועט זיך אַריינרייסן אין שטוב און אַלעמען אויס־שעכטן... איצט זע איך שוין נישט נאָר אויגן נאָר אויך ציין... איך מוז עפּעס טאָן... זאָל ער זען אַז מען שלאָפט נישט... איך זוך דאָס ליכט... די הענט ציטערן... קאָן נישט אָנרייבן דאָס שוועבעלע... איר פאַרשטייט, שכן?...

זי האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און דערביי אַרויסגעלאָזט אַן אויס־געצויגענעם „אוי־ווי". אין דער רגע האָט זיך באַוויזן סאַנטאַ. זי איז האַס־טיק אַרויס פון פאַרטונקלטן צימערל. זעט אויס אַז זי האָט זיך די גאַנצע צייט צוגעהערט צו דער שכנטעס רייד ווייל זי האָט געפרעגט:

— ווי אַזוי האָט ער אויסגעזען, דער פרעמדער?

— ווער קאָן וויסן. ס׳איז דאָך געווען פינצטער. איך האָב נאָר געזען די אויגן.

— און די ציין וואָס האָבן געבלענדט?

— אַוודאי. איך האָב נישט געקאָנט אָנצינדן דאָס ליכט. די הענט האָבן

מיר געציטערט. איך בין שנעל צוגעלאָפן צום פענצטער. אַזוי נאָענט, אַז איך האָב געמיינט, אַז כ׳פיל זיין קאַלטן אָטעם דורך דער טרערנדיקער שויב. איך האָב אָנגעהויבן זינגען, צוערשט שטיל און דערנאָך העכער און העכער. דער־מאָלט איז דער פרעמדער אָפּגעטראָטן אין מיטן הויף אַריין, דערנאָך איז ער אַוועקגעשוווּמען פאַרהילט אין נעפּלען...

סאַנטאַ האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט און צוגעשלאָסן די אויגן.

די אונטערשטע ליפּ ציטערט איר. די שכנטע אסתר רעדט:

— איך האָב אַלץ געזונגען העכער און העכער ביז עס האָט זיך אויפ־געוועקט מיין לעאָן. ער איז אין כעס געוואָרן און מיך אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, געטרייסלט מיך פאַר די אַקסל. איך האָב אָבער נישט געקאָנט זיך איינ־האַלטן. איך האָב געזונגען אַלע לידער וואָס איך האָב נאָר געדענקט פון די קינדער־יאָרן. ער האָט מיר דערלאַנגט צוויי פּעטש. דעמאָלט האָב איך אויפ־געהערט זינגען און אַוועקגעלייגט זיך אויפן בעט און געוויינט. פאַרטאָג איז מיין לעאָן אַוועק אַ בייזער צו דער אַרבעט. אוי, ווײ־מיר נישט געשען...

באָריס איז צוגעגאַנגען צו סאַנטאַן, אָנגענומען זי פאַר די הענט און אַריינגעפירט אין טונקעלן צימער. זי ציטערט. די אויגן אירע זענען נאָך אַלץ פאַרשלאָסן.

ער קאָן דאָ מער נישט בלייבן. עפּעס וועט געשען! קאָן מען דען אי־בערלאָזן סאַנטאַן אַ האַלב־פאַרחלשטע מיט דער שכנטע אסתר? אָ, גאָט, וואָס געשעט מיט אונדז? ווער האָט אונדז פאַרוויקלט אין דעם שפּינגעוועב פון אַ נישט־געאָנטער שרעק?

ער וועט אַלץ אָפּטרייסלען פון זיך; אָט אָ די פרעמדעניש די לויערנדי־קע, די פאַרוויסטע, די פאַרלאָזנקייט.

— סאַנטאַ, סאַנטאַ, דערוואַך!

ער האָט געטופּעט מיט די פיס, געשריִען. ער האָט זי אויפגעהויבן פון בעט און אַז זי האָט אויפגעעפנט די אויגן איז זיין געשריי געוואָרן נאָך צאָרנדיקער:

— וואָס איז מיט דיר, סאַנטאַ? וואָס רודערט איר אויף דעם קאָפּ מיט פוסטער שרעק? וואָס רעדט איר זיך איין? איך האָב מורא פאַר אייערע רייד, זיי דערפירן אויך מיך צו משוגעת! איר זענט נישט ביים זינען! קוקט אייך אָן! איך האָב מורא פאַר אייך!

ער איז געלאָפן פון שטוב, אויפגעפּראַלט דאָס טירל, געלאָפן איבערן זאַמד־געסל.

די זון איז שוין געשטאַנען הויך. די קאַקטוסן האָבן אַוועקגעלייגט די קעפּ אויפן זאַמד. עס איז אויסטערליש שטיל. און מיט אַ מאָל איז אים געוואָרן

לייכט און גוט. עס האָט אים באַרויקט דער בלאָער הימל, אַזאַ בלאָקייט אָן אַ פלעק. ער איז אַרויס פון טרויעריקן געסל און געשטאַנען מיטן פנים צו די באַרג־ווייטענישן. די הרי־יהודה זענען אַזוי נאָענט, מען זעט דאָרט אַפילו די קוסטעס, די באַרג־שפּאַלטן און באַרג־אַראָפּהאַנגען. זיי זענען פון קופּער. אַזאַ אָפענע וועלט, אַ ליכטיקע, אַ רחבותדיקע און דאָ, אין דעם זאַמד־געסל, אין דעם הויז צווישן די קאַקטוסן איז אַלץ אַזוי אַנדערש, עס איז אַלץ אַזוי פרעמד. דער פּחד קומט פון די ליקלעך ביים מעטשעט, פון די אַלטע ליים־ווענט, פון די וויגנדיקע טירלעך אין די פינצטערע נעכט, פון די בלינדע ווענט, פון דעם אייזל־געשריי און שאַקאַלן־געיאָמער.

ניין, עס איז איינרעדעניש. דאָס האָבן אים די צוויי פרויען פאַרפּלאָנ־טערט, פאַררעדט מיט מעשׂות וועגן פרעמדע נאַכטגייער. דאָס איז האַלוצי־נאַציע פון מידע מענטשן, עס וועט אַריבער. זיי וועלן זיך שטאַרקן אין דער ערשטער פאַרלאָרנקייט זייערער. סאַנטאַ וועט זיך שטאַרקן. די רו פון געסל וועט ווירקן אויף איר. זי וועט זיך אָפּגעפינען.

ער איז געקומען שפּעט צו דער אַרבעט. דער וועג מיטן אויטאָ האָט דאָס מאָל לענגער געדויערט ווי שטענדיק. אַן אָנגעפּראָפּטער אויטאָבוס. מען איז געהאַנגען אויף די טרעפּ, געשטאַנען אין ענגן דורכגאַנג. שווייגנדיקע מענטשן, אומגעדולדיקע. יעדע פּאָר מינוטן שטעלט זיך דער אויטאָבוס. אָט איז אַן אייזל געבליבן אין מיטן וועג און וויל זיך פון אָרט נישט רירן, אָט האָט זיך פאַרפּלאָנטערט דאָס געשפּאַן אויף אַ פערד. די מענטשן וויגן זיך און קוקן מיט אומצוטרוי איינער אויפן אַנדערן. די אומגעדולד איז אויך נישט אָפּגעטראָטן פון באָריסן בעת דער אַרבעט. ער איז נישט איינגעזעסן אויפן אָרט. וויפל ער האָט נישט געוואָלט זיך באַרויקן איז עס אים נישט געלונגען.

באָריס האָט געטראַכט וועגן דער נאַכט וואָס וועט קומען. און עס איז אים גוט געווען בלויז פון געדאַנק, אַז ער וועט אין דער דאָזיקער טרויעריקער וויסטעניש פילן לעבן זיך דעם וואַרעמען גוף פון אַ פרוי. ער פילט נאָך איצט אָפּ די בייגעוודיקייט פון סאַנטאַס גוף, ער שפּירט דעם הייסן אָטעם און זייַנע הענט וועלן זוכן אין דער פינצטערניש אירע הענט. ער וועט אַריינאָטעמען רו אין איר. זי איז שיין, סאַנטאַ, אַזאַ ווייטע און פרעמדע שיינקייט וואָס פּאַסט זיך נישט אַריין אין דעם דאָרן־געסל. זי געהערט צו אַ צווייטער וועלט, די וועלט פון צפון: גרין־געזעטיקטע פעלדער, פייכטער פלאַכלאַנד, בלאָע וועלדער אויפן האָריזאָנט, שניי אין אַ זוניקן ווינטערטאָג, גלעקל־געקלאַנג פון ווייטע גאַסן די גויישע. דער שטורעם האָט זי אַהער פאַרטראָגן. און אַז באָריס האָט מיט יאָרן צוריק אַראָפּגעוואָרפן די סאָלדאַטסקע קליידער איז ער

געוואָרן אַן אַנדערער אין אירע אויגן. זי האָט דערזען פאַר זיך דאָס גרויע, דאָס אומעטיקע פון די מאָרגנדיקע טעג, עס איז אָבער שוין געווען שפּעט. זי איז שוין געווען מיד און אין דער מידקייט אירער האָט זי אויפגעשלאָסן די פאַרפרעסטע ליפּן פאַר אים. זי האָט זיך אָוועקגעשאָנקען זיינע אָרעמס. אַזוי ווי די אָוונטיקע זון גיט זיך איבער דעם האָריזאָנט. און ער האָט אויך אי־בערגענומען איר טרויער און שרעק. און דער טרויער און די שרעק איז אַריין אין אים און זיך צונויפגעפלאָכטן מיט דעם אומרו פון די מלחמה־יאָרן, מיט דעם ווייסן פּחד אין די שניי־שטורעמס. סאַנטאַ אָטעמט אין אים אַריין די שרעק פון די מויערן, פון שטעכיקע צוימען און באַראַקן. איצט איז שוין די שרעק דאָ אין איר שווייגן, אין איר שמייכלען. ער פילט עס אָפּ אַזוי ווי מען פילט דעם געקריץ פון זאַמד־שטויב צווישן די ציין. דערנאָך איז געקומען דאָס געסל צווישן די קאַקטוסן. פאַרוואָס האָט עס אים געצויגן אַהער? ער איז פאַרסמט פון שרעק. ער קאָן שוין אָן דעם זיס־לאָקנדיקן געפיל פון פּחד נישט לעבן. ער פלאָנטערט זיך אַרום ווי אַ געפאַנגענער האַז אין די ליכט־גרענעצן, וואָס עס וואַרפט אויף דעם נאַכט־שאָסיי דער לויפנדיקער אויטאָ. ער קאָן פון דעם ליכט־גבול נישט אַרויס און די רעדער פון אויטאָ דערנענטערן זיך און וואָס זיי ווערן נענטער, אַלץ שמעלער די גרענעץ — און אָט פאַלט ער אונ־טער די רעדער אַ צעשמעטערטער.

דאָס וועט זיין דער סוף זיינער. ער איז דערגאַנגען, אַזוי ווי סאַנטאַ, צו די פאַרבאָרגענע נאַכט־טויערן פון קעניגרייך, וווּ עס הערשט פּחד. ער ווערט זיך, נאָר עמעצער פירט אים אַהין. דאָס איז דער גאַנג ווי פון אַ שיכור אויף די געוויקלטע טרעפּ. טירן עפענען זיך. נעפּל־טשאַד. סילועטן פון דרימלענ־דיקע. אַ שווייסיק פּנים מיט אָנגעשוואָלענע זעקעלעך אונטער די אויגן. אַ טאָפּל־קינבאַק און טאָפּעלע אויגן. פיר אויגן. ער וועט אַוועק. ער וועט אַנט־לויפן פון דאַנען. די מידקייט איז אים גובר. איצט איז גוט. געקלאַנג פון כוסות, שיכורע נעפּלען, וויגנדיקע הייזער און גוטע מענטשן. אַלע בייגן זיך פאַר אים און זענען פול מיט מיטלייד. ער און סאַנטאַ האָבן מורא נישט אַזוי פאַר דער פרעמדעניש ווי פאַר דעם חלל, אין וועלכן זיי וועלן אַריינגעשליי־דערט ווערן. דאָס וועט זיין דער חלל פון אַן אויסגעטריקנטער און פאַרלאָזע־נער ברונעם.

דאָס איז אפשר געווען די סיבה וואָס ביידע האָבן אויסגעמיטן די שטאָט, און ווי נאָר מען האָט זיי אָנגעוויזן אַן אָרט אין פוסטן אַראַבישן דאָרף, האָבן זיי אויסגעקליבן אַ זייטיק הויז, אַ פאַרצוימטס מיט אַ הויכן און אומהיימלעכן קאַקטוס־קוסט.

באַריס האָט געאַרבעט איבער פּלענער פון ווײַנהײַזער. גרױסע, פּיר־שטאַקיקע ליכטיקע הײַזער, מיט זײַלן, מיט גרױסע באַלקאָנען און טעראַסעס. דאָס זענען געװען הײַזער־פּלענער מיט גלײַכע װענט, קאַנטיקע, מיט פלאַכע דעכער. די ראָלן פּאַפּיר זענען צעשניטן געװען פון אָפענע ליניעס, װירעדיקע, זײ האָבן זיך געשלאָסן בײַ די ראַנדן, געקרײַצט זיך און געשאַפן אַ נעץ פון קװאַדראַטן, פון זײַלן. די ליניעס זענען געפאַלן אַזױ קלאָר און אָפן װי די שטראַלן פון דער זון. און װאָס גלײַכער און זיכערער עס האָט זיך באַװױגן זײַן האַנט אויף דעם פלאַניר־פּאַפּיר, אַלץ פאַרפלאָנטערטער זענען געװאָרן זײַנע מחשבות. ער האָט זיך געצאַפּלט אין אַן אָנמאַכט, פון װעלכער ער האָט זיך נישט געקענט באַפרײַען. דער אײַנציקער אָנהאַלט איז פאַר אים געװען סאַנטאַ, איז זי אויך פאַרפלאָנטערט געװען אין זעלביקן טונקעלן געקנױל. און דאָ, איז נאָך געקומען די שכנטע אסתר מיט אירע שגעונדיקע רײד. ער װעט אַװעק פון געסל. דאָס דאָזיקע פאַרלאָזטע אַראַבישע דאָרף איז גוט פאַר די אײזל־טרײַבער, פאַר די טונקעלע פאַרשװינען װאָס נישטערן אַרום אין די הײף, זאַמלען דאָס אַלטע אײַזן, צעשרױפן די װאַסער־רערן און אין די נעכט טרײַבן זײ אײזלען צו די שטאַלן, צו די װאַדיס. דערנאָך קומען פון דאָרט צעריסענע, אָפּגעהאַקטע אײזל־רופן אויסגעמישטע מיט שאַקאַלן־געשרײ און הינט־בילערײ. צומאָרגנס הענגען אין די יאַטקעס שטיקער רויט פלײש און יונגען מיט גלאַנציק־פעטע פּרצופים, מיט פאַרטעכטע פאַרבאַקענע מיט בלוט דרימלען אויף די טרעפּ. אין אָוונט לאָזן זיך אַװעק קײן יפו עטלעכע אויסגעצטראַיעטע בולגאַרערינס מיט געפאַרבטע באַקן צו די טונקעלע פאָרט־געסלעך. די מענער זײערע שפּילן אַ גאַנצן טאָג אין בײַנדלעך אין דער בלעכערנער שאַפע װאָס זײ רופן „רעסטאָראַן". פאַרטאָג, אַז די װײַבער זײערע קומען אַהײם, נישטערן זײ אין זײערע בײַטלען און נעמען צו דאָס געבראַכטע געלט. טײל מאָל ברעכן אויס געשלעגן צװישן די אײזל־הענדלער און פרעמדע יונגען מיט די געקעסטלטע העמדער. דאָס איז דאָס פאַרלאָזטע אַראַבישע דאָרף! און צװישן דעם אָנלױף פון מענטשן פּלאָנטערן זיך אַרום די דערשלאָגענע יידן פון די װאָלינער שטעטלעך; באַלמעלאָכעס װאָס לאָזן זיך צו די דרום־ראַנדן פון תל־אביב און האָרעװען אין די קלײנע, טונקעלע, אָרעמע װאַר־שטאַטלעך פון סטאָלערס און שוסטערס. זײער חלום איז צו קאָנען עפענען זיך אַ סאָדע־װאַסער־געװעלבל. ער זעט זײערע װײַבער, די צעװױרענע, צע־גאָסענע, מיט אויסגעקרימטע פּלײצעס, מיט אָנגעבלאָזענע באַקן, מיט נאָכ־הענגענדיקע היפּטן און רויט־געפאַרבטע ליפּן. בײַנאַכט פאַרהעמערט מען די טירן, מען פאַרהענגט די פענצטער מיט שװערע קאָלדרעס און אין די געס־לעך שלײַכן אַרום שאַקאַלן, הינט, הײמלאָזע אײזלען, הינקענדיקע און שאָטנס

וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון אומגליקלעכע מענטשן. זיי זענען דורכזעעוודיק, די שאָטנס, אַזוי ווי שפּינוועבס און דאָך קאָן זיי דער ווינט נישט אַוועקטראָגן צוזאַמען מיט די וואָלקנס צום ים. די שאָטנס פאַלן־צו צו די קליינע פענצטערלעך פון וועלכע עס גליטשן זיך פּאַסן אָרעם ליכט. די שאָטנס האַלטן זיך אויף ביי די טירלעך, ביי די טויבע מויערן ווי זיי וואָלטן זיך געצויגן צו מענטשישער וואַרעמקייט. טייל מאָל וויקלט זיך צונויף אַ שאָטן אין אַ קליינעם קנויל און בלייבט אויף איבער טאָג אין ווינקל פון אַ הויז.

אָ, גאָט אייבציקער! פאַרוואָס זענען מיינע טראַכטענישן נישט אַזוי גלייכליניק און אַזוי אָפן, אַזוי קלאָר ווי די ליניעס וואָס עס מאַכט מיין האַנט?

זע, ווי די שטריכן מיינע שליסן זיך! זע, ווי עס וועט פון דעם דערנאָך אויסוואַקסן אַ ליכטיקע געביידע, מיט פרייד אין די ווענט, מיט ליבשאַפט, מיט קינדעריש געלעכטער, מיט משפחה־גליק.

פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרפּלאָנטערט אין דעם טרויעריקן געוויקל פון ליים־געסלעך, פון שטיין־שטעגן וואָס האָבן נישט קיין אָנהייב און נישט קיין סוף?

פאַרוואָס האָסטו צוגענומען פון סאַנטאַן און פון מיר די רו דווקא אין דעם רואיקסטן געסל צווישן דעם שיינעם סיקאַמאָר־בוים, צווישן דעם גריינעם וויינשטאָק, צווישן די וויקל־קוסטעס, אין דעם אַלטן קעמל־וועג פון דעם דאָזיקן ווייט־נאָענטן לאַנד, צו וועלכן עס זענען געווענדט געווען די בענקענדיקע אויגן פון מיינע אבות?

דאָס איז געשען אין די מיטאָג־שעהן.

ביים טירל איז געשטאַנען אַן אַלטע פרוי, געקליידט אין שוואַרצן. אַביסל אָפּגערוקט פון איר, לעבן פענצטערל, איז געשטאַנען אַ מאַן אין אַ רויטער פעסקע און גערופן אויף אַ פרעמדער שפּראַך.

אין געסל איז שטיל. דאָס איז די שטילקייט פון האַלב־טאָג ווען אַפילו די יאַשטשערקעס באַוועגן זיך נישט, זיי זעען אויס ווי קורקאָר־שפּליטערס.

— כאַוואַדזשאַ! יאַ, כאַוואַדזשאַ! — האָט גערופן דער פרעמדער מענטש.

סאַנטאַ איז צוגעגאַנגען צום פענצטערל. זי האָט נאָר געזען דעם פרעמדן מאַן. דאָס איז געווען אַ מענטש אין די זעכציקער יאָרן מיט גרויע האָר ביי די שלייפן, מיט שאַרפע פּנים־שטריכן, וואָס האָבן געטונקלט זיך מיט באַוועגלעכע ברוינלעכע שאָטנס. אין דעם פּנים איז געווען אַזוי פיל פרעמדס, אַז עס האָט איר אין דער ערשטער רגע צוגעצויגן דערנאָך איז זי אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק און איינגעהערט זיך אין די גאָרגלדיקע רייד, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון געסל צוזאַמען מיט אַ געקלאַפּעריי אין הויף־טירל. און אַז סאַנטאַ

האָט געעפנט דעם ריגל איז זי געבליבן פנים־אל־פנים מיט אַן אַלטער פרוי אין שוואַרצן.

צוערשט האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט מיט אַן עקשנותדיקן פאַרשערישן בליק. דערנאָך האָט די אַלטע אָנגעהויבן צו פליסטערן און מיט פאַרמעט־הענט, געקנייטשטע, ציטערנדיקע, באַרירט סאַנטאַס אָרעם.

דאָס ציטערן פון דער אַלטערס פינגער האָט זיך איבערגעגעבן סאַנטאַן. אַ לייכטער שוידער איז איר דורכגעלאָפן דורך דעם גוף. דאָס איז געווען אַ ווערטיקאַלער געציטער, וואָס האָט זיך צונויפגעוויקלט ערשט ביי די שלייף־אָדערן ווי אַן אָנגעצויגענע געפּלאַצטע סטרונע פון אַ פידל, וואָס טוט זיך אַ פאַרוויקל ביים פידל־האַלדז. סאַנטאַס פאַרגליווערטער געשריי איז ענלעך געווען צום וויינענדיק־אָפּגעריסענעם קול, וואָס פאַר אים איז געווען שטילקייט און נאָך אים וועט ווידער זיין אַ שטילקייט, אָבער שוין נישט די שטילקייט וואָס עס איז געווען. זי וועט שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען, די פאַרגאַנגענע שטילקייט. זי איז איצט צעשפּאָלטן ווי אַ שוואַרצער מירמל אַן אַראָפּגעפאַלענער פון פינצטערע ווענט.

די פרעמדע אין שוואַרצן קלייד, מיט די טיף געפאַלדעוועטע אַרבל, מיט דעם שלייער אַרום קאָפּ, האָט שווער געאָטעמט. די אויגן־קנייטשן אירע זענען זיך צונויפגעלאָפן, די ליידיקע הויט פון גערונצלטן פנים האָט זיך אומרואיק באַוועגט און מיט לאַנגע ביינערדיקע פינגער האָט זי זיך געווישט די קינבאַקן.

סאַנטאַ האָט געפילט אַז די אַלטע וויינט. דאָס איז אָבער געווען אַ געוויין פון אַן אויסגעטריקנטער זקנה, וואָס האָט שוין מער נישט קיין טרערן צום וויינען.

אַזוי וויינען די אַלטע זיתים־ביימער, די געקאַרבטע, די פאַרלאָזענע, ווען אַרום שטאָט שיילט זיך די קאָרע. זיי וויינען, די זיתים־ביימער, דורך די בלעטער מיט דער געל־ברוינלעכער, זילבערדיק־פאַרלאָשענער גרינקייט.

סאַנטאַ האָט אַרויסגעטראָגן אַ שטול און אַוועקגעזעצט די זקנה אויף דער אָפענער טעראַסע. זי האָט אַריינגערופן דעם פרעמדן מענטש פון זאַמד־געסל וואָס איז אַליין געשטאַנען פון יענער זייט פלויט. אַן אומגעריכטע מילדקייט האָט זיך געשפּרייט אויף דעם מענטשנס פנים. ער האָט זיך פאַרנייגט און גערעדט צו סאַנטאַן אין אַ געמיש פון אַראַביש און העברעיִש. אַפילו די העברעיִשע ווערטער האָבן געקלונגען אין זיין מויל אַזוי פרעמד. ערשט איצט, בשעת סאַנטאַ האָט אויפגעכאַפּט נאָר דאָס קול, איז איר מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן די נאָענטקייט פון די פרעמדע וואָרט־קלאַנגען מיט דער טריקעניש פון די צווייגן, מיטן געשאָרך פון די גראָזן, מיטן געסקריפּ פון די טריט אויפן

זאַמד. עס איז דאָ אַזאַ האַרמאָניע צווישן דער הויט פון דער אַלטערס הענט און דער טרויעריקער ברוינקייט פון די ליים־ווענט. די דאָזיקע קלאָרקייט וואָס זי האָט פּלוצים אַנטדעקט האָט זי באַרואיקט. זי האָט איצט געקאָנט קאָנטראָלירן יעדע באַוועגונג אירע. אַזאַ שאַרפקייט פון געדאַנק האָט זי לאַנג שוין נישט געהאַט.

— וואַרט, איין רגע, איך וועל ברענגען אַ טרונק. איר זענט דאָך מיד פון וועג — האָט זי געזאָגט צו זיי אין יידיש, אַביסל אין העברעיש. — איך גיי אין קיך אַריין. זיצט דאָ, אָט קום איך צוריק...

סאַנטאַ איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צו דער אַלטער און איר אַריינגעקוקט אין פּנים. זי האָט דערביי באַרירט די גרויסע פאַלדן פון דעם אומהיימלעכן שוואַרצן קלייד. אָ, זי פאַרשטייט מ׳יך! זי פאַרשטייט אַז איך וויל איר געבן אַ טרונק וואַסער! פאַרוואָס זענען דער אַלטערס אויגן אַזוי טרוקן? וואָס זוכט זי מיט איר בליק?

— איין רגע נאָר, גוטע מענטשן!

זי איז אַריין אין קיכל און אָנגעגאָסן וואַסער אין אַ ליימענער קרוג. דער פרעמדער איז דערווייל אַרויס אין הויף, געקוקט צום קליינעם פּרדס. די אַלטע האָט זיך שטום געוויגט.

— נעם אַ טרונק, אַלטיטשקע, נעם!

די אַראַבערין איז פּלוצים פאַרשטיינערט געוואָרן. איר בליק איז פאַרשטאַרט געהאַנגען אָן דעם קאַקטוס־פּלויט. דאָרט האָט עפּעס אַ שאַרף־געטאָן און עס האָט זיך געשאָטן קוסט־אַפּפאַל.

די פאַרווילדעוועטע קאַץ איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן פּלויט און אַ גליטטאָן מיט די אויגן. זי האָט אָנגעשפּאַנט דעם קעצישן גוף ווי צום שפּרונג און אַ ווײַלע געבליבן אַזאַ געשפּאַנטע. דערנאָך האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט פון פּלויט און מיט פאַמעלעכע טריט געגומען גיין צו דער שטוב. און אַז זי איז צוגעקומען צו דער טעראַסע איז די ווילדקייט פון אירע אויגן אָפּגעטראָטן. זי האָט זיי לייכט געמרוזשעט און עס איז געשען דאָס וואָס סאַנטאַ האָט נישט דערוואַרט — די קאַץ איז צוגעקומען ביז צו דער שוועל און אַרויפגעזעצט זיך אויף דער שויס פון דער אַלטער פרעמדער פרוי.

סאַנטאַ האָט דערזען אין דער זקנהס אויגן טרערן.

דאָס איז דאָך אַן אַראַבערין, די געוועזענע איינוווינערין פון דעם הויז. זי פילט דאָס אָפּ. זי דערקענט דאָס. זי האָט עס באַלד דערפילט לויט די געבראָכענע טריט אירע ביים טירל. זי דערקענט עס לויט דער פאַרווילדעוועטער קאַץ וואָס האָט ביז איצט נישט באַטראָטן דעם הויף און אַ קנאַפּ יאָר געלעבט אין די סאַברע־קוסטעס. אַן אַראַבערין, די וואָס האָט דאָ געוווינט!

ווער איז ער, דער פרעמדער אין דער רויטער פעסקע? ווי מיד און טרויעריק עס זענען די אַלטע לייט.

— שרעקט אייך נישט. זעט ווי טרויעריק עס איז אין דעם הויף. איך פאַרשטיי אייך. איך פאַרשטיי יעדן בליק אייערן. איך פאַרשטיי אייערע רייד און אייער שווייגן. נעם אַלטיטשקע, נעם אַ טרונק, נעם! ביסט מיד... ביסט דאָרשטיק... ביסט פון ווייט געקומען...

די אַלטע גלעט די קאַץ מיט די ביינערדיקע הענט און שעפּטשעט. דאָס זענען שטילע, פאַרוויגנדיקע רייד ווי דער געשאָרך פון סיקאַמאָרן אין פאַרוואָלקנטע נעכט.

סאַנטאַן איז גוט געוואָרן. אַזאַ וואונדערלעכע רו פון האַלבן טאָג. מידע זקנים ביי איר שוועל. אַ דרימלענדיקע קאַץ. דער שטילער מאַן מיט גרויע שלייפן, רייפע קאַקטוס־פּרוכטן. ווידער דער פויגל וואָס הענגט איבער די קוסטעס. זאָל עס לענגער דויערן. זאָל קיינער נישט איבעררייסן די גאָט־געבענטשטע שטילקייט פון דעם אַלטן קעמל־וועג.

עס איז איר אַזוי גוט געוואָרן. זי האָט פאַרשטעלט מיט די הענט דאָס פּנים און צוגעשלאָסן די אויגן.

— — — פון ערגעץ ווייט קומען אָן רייטער, קעמל־רייטער. מען הערט שוין דאָס גלעקל־געקלאַנג. אַזאַ זילבערן געקלאַנג פון גלעקלעך אויף קעמל־העלדזער. טעפּעכער געוועבטע מיט גאָלדענע פעדעם. פּייקל־געקלאַפּ. טריט אין ליכטיקן זאַמד. קאַראַוואַנען פון קעמלען. ווייסע טשאַלמעס. זיידענע כאַלאַטן; געלע, ראָזע, אויסגעהאַפטענע טיכער מיט זון־שטראַלן. די קאַראַוואַנען גייען דורך דעם וועג. פאַרביי איר הויז. זי טראָגט זיי אַנטקעגן אַ ליימענעם קרוג פול מיט קוואַליקן וואַסער. — נעמט, נעמט, טרינקט, איר מידע מדבר־וואַנדערער... איר קומט דאָך פון די גרויסע יאַרידים... איצט גייט איר צו אייערע היימען... אייער וועג איז אַ ווייטער... אָ, איר גוטע מענטשן, שטילט אייער דאָרשט... — — —

— טרינקט... טרינקט... — האָט סאַנטאַ געשעפּטשעט צו דער אַלטער.

און אַז זי האָט געעפנט די אויגן איז שוין די זקנה געשטאַנען ביי דער שוועל. זי איז אַריין אין שטוב און אָנגעהויבן גיך צו שפּרייזן. דאָס ביסל מילדקייט איז פאַרשוווּנדן פון איר פּנים. זי האָט געציטערט, געוויגט זיך און די ליפּן זענען בלאָ געוואָרן.

מיטאַמאָל האָט די אַלטע אַראָפּגעריסן פון קאָפּ דעם שוואַרצן שאַל. די גרויע האָר זענען איר אַראָפּגעפאַלן אויפן פּנים. איצט האָט זי געוויינט מיט טרערן. די קאַץ האָט זיך געפּלאָנטערט ביי אירע פיס און געמיאַוקעט. אין

הויף איז אַלץ געשטאַנען דער אַלטער און פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט די הענט.

— אַלטיטשקע, גוטע אַלטיטשקע — האָט גערעדט סאַנטאַ מיט אַ גע־בראָכן קול — דאָס איז אַוודאי דיין הויז? דו האָסט דאָ געוווינט? איך דער־קען דאָס אין דיינע אויגן, אין דער קאַצס אויגן. דו ביסט אַוועק פון דעם געסל. האָסט פאַרלאָזט דיין היים. דו ביסט אַנטלאָפן פון דאַנען. איצט ביסטו געקומען און איך ווין אין דיין שטוב. איך! אָ, גאָט! נישט איך האָב דיך פאַרטריבן. קיינער האָט דיך נישט פאַרטריבן. טאָ פאַרוואָס ביסטו נעלם גע־וואָרן אין איינער פון די נעכט? איך האָב דאָך נאָר אַ וויסטעניש געטראָפן. שאַקאַלן האָבן געגעכטיקט אין די פאַרלאָזטע שטיבער. אויך איך בין אַוועק פון אַ היים... מען האָט מיך פון דאָרט פאַרטריבן... און אַז איך בין צוריקגע־קומען האָב איך דערזען אַ וויסטעניש... אָ, גאָט, דו פאַרשטייסט דאָך מיך נישט! איך רייד צו דיר. קוק זיך איין אין מיינע הענט. זע, זיי קאָנען נאָר גוטס טאָן. שרעק זיך נישט פאַר דעם קאַלטן טרונק וואָס איך גיב דיר. האָסט מורא צו טרינקען? דיינע ליפּן זענען פאַרברענט! האָב נישט מורא. עס איז נישט פאַרסמט דאָס קוואַל־וואַסער! זע, אָט טרינק איך. זע. אָ, ווי גוט עס איז די קילקייט אויפן ברענענדיקן גומען!

און סאַנטאַ האָט איבערגעבויגן דעם קרוג און געטרונקען און דערנאָך איבערגעגעבן דער אַלטער. דער מענטש פון הויף איז צוגעגאַנגען צו דער שוועל און געזאָגט:

— גברת... זיי נישט בייז... מיר זענען געקומען נאָר אָנקוקן... מיר האָבן אַ דירה אין יפו... דאָ האָט געוווינט איר זון...

— זאָג איר, אַז קיינער האָט אייך נישט פאַרטריבן... קיינער נישט... איר זענט אַליין אַוועק... מיר האָבן דאָ געטראָפן אַ וויסטעניש... מיר וועלן גייען הייזער בויען... עס איז דאָ גענוג אָרט אונטער אונדזערע ליכטיקע הימ־לען פאַר יעדן גוטן מענטש...

די אַלטיטשקע האָט אָנגעקליבן עטלעכע מאַראַנצן און אַ שווייגנדיקע פאַרלאָזט דעם הויף. זי איז געגאַנגען איבערן פוסטן געסל, אָנגעשפּאַרט אָן דעם אָרעם פון גרויען מאַן און געהאַלטן דעם לאַנגן שאַל אין דער האַנט. ער האָט געפלאַטערט אין מילדן ווינט און אָנגעוואָרפן אויף סאַנטאַן אַ פּחד. די שוואַרצקייט האָט זיך שאַרף אויסגעטיילט פון ליכטיקן זאַמד, פון דעם קאַק־טוס־פּלויט און זי איז געפאַלן אויף איר ווי אַ פלעק, אַ שוואַרצער טרויער־שלייער אין סאַמע מיט פון גאָטס זוניקן טאָג.

די קאַץ האָט זי באַגלייט ביזן סוף פון געסל. דערנאָך איז זי צוריקגע־קומען צום הויף און דרייסט אַריין אין צימער. סאַנטאַ איז געזעסן אויפן בעט

און געוויינט. די קאַץ איז אַרויפגעשפּרונגען אויף סאַנטאַס שויס און געלאָזט זיך גלעטן די וואַרעמע סאַמעטענע פעל.

נאָך דעם באַזוך פון די צוויי אַלטע לייט אין דעם הויז צווישן די קאַק־טוסן איז סאַנטאַ רואיקער געוואָרן.

זי האָט זיך שוין מער נישט געשראָקן פאַרן געסקריפּ פון הויף־טירל, נישט פאַר דעם געשאָרך אין דעם נאַכטיקן פּרדס. עס זענען איר גענטער גע־וואָרן די טרויעריקע ווענט פון דעם קליינעם הויז. דאָ האָבן דאָך פריִער גע־לעבט מענטשן. זיי האָבן דאָ געערוט, דאָ האָבן זיי זיך געפרייט, געוויינט, דאָ זענען זיי טרויעריק געווען. דאָ האָבן זיי אַ שוץ געפונען קעגן דער זון און אין שאָטן פון דעם הויף זענען זיי געזעסן. פאַרוואָס איז מיר אַלץ אַזוי פרעמד? ווי שיין עס זענען די פּעכער־פּאַלמעס! די צעשפּרייטע בלעטער מיט די העלפאַנטביין־אָדערן האַלטן אויף די בלאָע הימלען, די מימאָזע פינטלט מיט די ליכטיק־געלע פוך־בלימלעך. די סאַבּרע־קוסטעס האָבן אַזוי פיל אויס־דרוק, אַזוי פיל באַוועגונג אין די זאַפטיק־גרינע בלעטער מיט די זילבער־שטעכערס. איך האָב זיי נישט פאַרטריבן... ווי וויסט עס איז דאָ געווען. אַרויסגעריסענע פענצטער. צעבראָכענע טירן, אַ צעשפּאָלטענער דאַך, ווענט מיט ריסן — און אין הויף פיגורות פון בעלי־חיים וואָס זענען פאַרשמאַכט געוואָרן פון דאָרשט און אויסגעגאַנגען פון הונגער. זי האָט לאַנגע וואָכן גע־רוימט, באַזייטיקט דעם אָנהויף פון מיסט, פון ווילדשטיין, פאַרראָכטן די ווענט, דעם דאַך. אין די אָוונטן האָט זי אַרויסגעשטעלט אין הויף עסן פאַר די בלאָנקענדיקע הינט און קעץ, ווייל זיי האָבן זיך נישט געטרויט צו דער־נענטערן אין מיטן טאָג, בעת סאַנטאַ אָדער באַריס איז געווען אין שטוב.

נאָך דעם ווי דאָס הויז איז אַביסל איינגעאָרדנט געוואָרן איז סאַנטאַן באַפאַלן אַ מידקייט, אַן אָפּהענטיקייט, אַ גלייכגילט. דערנאָך איז זי פאַר־פלאָנטערט געוואָרן אין אַלערליי מחשבות וועגן איינזאַמקייט, וועגן באַרי־סעס שווייגן, וועגן געוואָי פון די שאַקאַלן און די סקריפּענדיקע טריט אין זאַמד. יעדן אין דער פרי, אַז זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטערל, האָט זי גע־זוכט אין זאַמד די שפּורן פון נאַכט־טריט און זיי נישט געקענט אַנטדעקן. זי האָט נאָר געזען דראָבנע פויגל־טריט און געקאַרבטע זאַמד־צייכנס פון שלאַנגען.

די איבערצייגונג אַז אין דעם הויז האָבן געלעבט מענטשן האָט איר לייכטער געמאַכט. מענטשן אַזעלכע ווי מיר אַלע. הייסט דאָס, אַז דאָ איז געווען לעבן. פאַרוואָס קאָן עס נישט זיין אויך איצט.

זי האָט געטראַכט וועגן דער אַלטער, וועגן איר זון וואָס האָט דאָ גע־

ווינט. ווי אַזוי האָט ער אויסגעזען? האָט ער געהאַט אַ פרוי, קינדער? ווו זענען זיי אַצינד?

איצט דערמאָנט זי זיך, אַז בעת מען האָט זיך אַריינגעקליבן אין הויז איז ערגעץ אויף אַ בערגל מיסט געלעגן אַ האַלב־צעריסענע פאָטאָגראַפיע פון אַן אַראַבישער משפחה. זי האָט אויפגעהויבן די פאָטאָ פון מיסט, אַרומ־געווישט דעם שטויב. עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר סאַנטאַן אַ יונגער מענטש אין אַ ווייסער שאַל און לעבן דעם מאַן אַ פרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנט. אַלע אין העלע טיכער אויף די קעפּ. ווו איז דאָס בילד? זי וועט עס אויפזוכן.

דווקא דאָס אַנטלויפן זייערס פון דער דאָזיקער היים האָט סאַנטאַן באַ־לײדיקט. און אין דער זעלבער צייט האָט זי געפילט צו זיי אַ נאָענטקייט. דאָס וואָס זי געפינט זיך אין די פיר ווענט, ווו עס האָט געוווינט דער אַראַ־בער מיט די טיף אַריינגעזעצטע אויגן, האָט סאַנטאַן דערנענטערט צום הויז. דאָס אומבאַקאַנטע און דער פחד האָט איר נענטער געמאַכט צו די נעלם־גע־וואָרענע אַראַבער.

אין איינער פון די נעכט האָט זי זיך אויפגעכאַפּט.

— פאַרוואָס שלאָפסטו נישט, סאַנטאַ?

זי האָט לאַנג אַנגעקוקט באַריסן מיט פייכטע אויגן. אין לבנה־שיין האָט ער דערזען אין אירע אויגן אַ טרערן־שימער.

— דיר איז גוט, באַריס! דיר איז גוט! דו הערסט נישט די מאָנענדיקע טריט אין די נעכט! דו הערסט נישט אין דעם שאַקאַלן־געיאָמער אויך דאָס וויינען פון מאַמעס און קינדער! דאָס געוויין קומט שטענדיק צוזאַמען! אויך ־דאָרט איז עס אַזוי געווען... דאָרט הינטער די שטעכל־דראָטן... ווען מיר האָבן נעשר׳יען, געוויינט, האָבן אונדז די הילכערס פון מוזיק פאַרשריגן מיט אַ טאַנץ־פּויקערײַ. דאָ מאַכט עס דער שד אַליין. ער זאַמלט צונויף די שאַקאַלן, כדי צו שפּאָטן פון אמתן געוויין! ער טוט דאָס! ער!

— סאַנטאַ! וואָס איז מיט דיר? סאַנטאַ...

— פאַרוואָס האָב איך נישט גענומען דעם אַדרעס פון דער אַלטער אַראַ־בערין פון יפו? איך וויל זי זען! איך וויל זען איר היים. וואָס קוקסטו אויף מיר מיט איבערגעשראָקענע אויגן? איך האָב מורא פאַר דיין גלייכגילט, פאַר דיין רואיקייט! דו פילסט נישט ווי עס לויערט עמעצער ביי אונדזערע שוועלן? דו האָסט אַ דיקע הויט געקראָגן! דיך אַרט נישט מיין אומרו! דו ביסט אַריין אין זיך אַזוי ווי אין אַ מושל. דו מיינסט אַז מיך איז באַפאַלן אַ פּוסטע שרעק? דו ווילסט מיך באַרואיקן אַזוי ווי מען באַרואיקט אַ קינד? ניין! נאָך דעם כאַזוק פון די צוויי אַראַבער האָב איך שוין מער פאַר קיינעם נישט קיין מורא!

נישט פאַר די שאָטנס אין די נעכט, נישט פאַר דעם געוויין פון דער וויסטע־ניש! איצט האָב איך מורא נאָר פאַר זיך אַליין! פאַר דעם מדבר אין זיך! ער שפּרייט זיך אַלץ מערער און מערער! איך וועל ווערן אַזאַ ווי די שכנטע אסתר! אַזאַ ווי זי! איך האָב מורא פאַר מיינע מחשבות, פאַר מיינע אייגענע רייד, און איך האָב מורא פאַר מיינע הענט!

זי האָט געוויינט. דאָס איז געווען אַ שטיל געוויין, אַזוי שטיל ווי אַ טרויער־ניגון וואָס דער ווינט ברענגט פון אַ ליידיקן ווייַנשטאָק.

פאַרטאָג איז פּלוצים אַריינגעפאַלן אין הויף די שכנטע אסתר. זי איז דאָס מאָל געקומען אַ שווייגנדיקע און טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ. און אַז באַריס איז אַוועק צו דער אַרבעט, האָט זי פאַרבראָכן די הענט און אויסגע־וונגען:

— אוי ווי מיר נישט־געשעען... וווהין זענען מיר געקומען?...

— אסתר, איר זענט היינט אַנדערש ווי יעדן טאָג.

די שכנטע האָט פאַרטרוילעך זיך אַרומגעקוקט און דערזעענדיק די קאַץ לעבן די פיס, אויסגעשפּיגן.

— צו אַלדי וויסטע יאָרן... אַזאַ אַראַבישע באַשעפעניש... אַזאַ אַנשיק פון זיין ליבן נאָמען... — זי האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און אַ טופּע־געטאָן מיט די פיס. — אַוועק פון דאַנען, דו, פאַרזעעניש! — זי האָט געטריבן די קאַץ פון הויף ביז צום סאַברע־גדר. דערנאָך איז די שכנטע נאָענט צוגע־גאַנגען צו סאַנטאַן, אַריינגעפירט זי אין צימער און דערביי גערעדט:

— די אַראַבערין קומט יעדעס מאָל אין געסל אַריין. זי דרייט זיך אַרום אין פאַרווילדעוועטן פּרדס, ביי דעם פּאַלמע־בוים און שעפּטשעט עפּעס... זי האָט אַ פאַרפינצטערט פּנים און געלע הענט... מיר דוכט זיך אַז זי טוט כּישוף... אוי ווי מיר נישט־געשען... זי האָט אונדז פאַרכּישופט... איך שלאָף נישט קיין נעכט. מיין לעאָן לאַכט פון מיר... אַז ער האָט געזען די אַלטע האָט ער ביי איר געפרעגט וואָס זי וויל. זי האָט געטייטלט אויף אייער הויז... דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין... זי האָט אונדז כּישוף גע־טאָן... אוי ווי...

אסתר האָט זיך דאָס מאָל לאַנג נישט געזוימט. זי איז גלייך אַוועק און מיט טיפן באַדויער אַ לעצטן קוק־געטאָן אויף סאַנטאַן.

עס זענען אָנגעקומען די רעגן־טעג.

סאַנטאַ איז געגאַנגען איבער די גאַסן פון יפו, באַוווינטע פון די אַראַ־בער. דאָס זענען געווען אַלטע געסער נישט ווייט פון האַפן. זי האָט אָפּגע־

פילט דעם זאַלץ־ווינט פון ים. אויף טייל ערטער האָט מען געזען די מאַסטן און קוימענס פון שיפן, וועלכע זענען פאַראַנקערט געווען אין פאָרט.

צוערשט איז זי געגאַנגען לענגאויס גרויע ווענט; בלינדע, מיט קליינע אייזערנע טירלעך. פון יענער זייט פלויט האָבן זיך געשטרעקט נאַקעטע צווייגן, שטאַנגען מיט פאַרביק וועש. דערנאָך האָט זי זיך פאַרקערוועט אין אַ געסל מיט קראָמען. דאָס איז געווען אַ שמאָל געסל מיט אַ קליינעם טראָטואַר, אַ הויכן, פאַרשטעלט מיט קוישן, פאַרלייגט מיט זעק, מיט פעסער און קאַסטנס. קראָם לעבן קראָם, פון גרינוואַרג, פון שפּייז און לעבן די קראָמען — האַנט־וועגענער, אייזלען, פערד, אָנטרייבער מיט צעיאַכמערטע פּנימער, צעשורפּעטע, נישט־ראַזירטע, מיט שמאָלע שטעכיקע אויגן, רויטלעכע, ווי נישט־אויסגעשלאָפענע און מידע פון שיכרות. ווייבער מיט פאַרדעקטע פּני־מער אינגאַנצן אין שוואַרצן. און צווישן דעם אָנהויף פון בעלי־חיים, וועגע־נער, קאַסטנס, וויגן זיך שלאַנקע, יונגע אַראַבער מיט העמדער געקעסטלטע. געבלימלטע, מיט פאַרשייטע אויגן. פון ערגעץ טראָגט זיך אַ הילכיקער דזשאַז. ביי אַ קראָם — אַן אָנלויף פון באָרוועסע קינדער. אַ זקן אין אַ רויטער פעס־קע, שוין אַביסל גראָ ביי די שלייפן...

— סליחה... אדוני... אדוני... זענט איר נישט געווען מיט אַ צייט צוריק אין מיין הויף?... אין דעם הויז צווישן די קאַקטוסן?... דאַכט זיך אַז דאָס זענט איר?... ווי וווינט די אַלטע זקנה?... קאָנט איר מיר דאָס נישט זאָגן?...

דער פרעמדער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט אויף סאַנטאַן מיט חידוש. ער האָט אירע רייד נישט פאַרשטאַנען.

סאַנטאַ איז אַוועק נישט פאַרענטפערנדיק זיך אַפילו. לעבן אַ שענק איז זי געבליבן שטיין און געקוקט צו די נאַרגילע־רויכערער. עטלעכע יונגע מענטשן זענען געווען פאַרטאָן אין אַ שפּיל אין ביינדלעך.

אין דער פאַרטונקלטער שענק איז שטיל. זי איז געשטאַנען אויף דער שוועל און געאָטעמט דעם טשאַד פון זויערקייט און פון ביליקע ווייבער. מען האָט גערעדט צו איר און זי האָט זיי נישט פאַרשטאַנען. זי האָט נאָר געפילט אין זייערע אויגן נייגער און אַ געמיש פון שפּאָט מיט פאַראַכטונג.

דעם טאָג איז זי אַ סך געגאַנגען. ווו עס איז נאָר געווען אַ ווינקל אין יפו איז זי דאָרט געווען: אויף דעם מאַרק פון אַלטע זאַכן, ביי די געשטעלן פון גרינוואַרג, ביים מעטשעט־טויער, ביי די קירכעס. זי האָט געזען די קליי־נע הייף מיט די שמאָלע טרעפּ, מיט די פאַרבאָרגענע טירן, געפאַרבטע אויף געל, אויף שרייאיק בלאָ, אויף ברוין. זי האָט געזען די רואיקע אַראַבישע איינוווינער פון די גאַסן אין יפו און אַז זי איז צוגעקומען צום אָפענעם ים איז סאַנטאַן גוט געוואָרן.

זי האָט געוואָנדן דאָס טרויעריקע פּנים צו דעם ים — צו דעם אומ־ענדלעכן ים און געזען ווי מילד ער איז היינט, ווי רואיק און זיכער עס וויגן זיך די כוואַליעס. און געדאַכט האָט זיך איר אַז אַ פּלאָנטער האָט זיך אויפ־געוויקלט און דינע ליכטיקע פעדעם ציִען זיך פון איר צו ליכטיקע ווייטן, די קלאָרע, בלאָע, די ריינע.

די אַרבעט אין דער אינזשינערן־ און אַרכיטעקטן־ביוראָ איז פאַר באַ־ריסן געוואָרן מיט יעדן טאָג אינטערעסאַנטער. די ערשטע חדשים האָט ער געטאָן נאָר אַ טעכנישע אַרבעט; קאָפּירט סטאַנדאַרד־פּלענער פון דריי־ און פיר־שטאָקיקע הייזער און דערביי אַריינגעפּירט קליינע ענדערונגען אין פּאַ־סאַד. אַמאָל איז דאָס געווען אַן ענדערונג אין די פּראַנטיקע באַלקאָנען און אַמאָל אין די ציילן. אָפטמאָל זענען די צײלן פאַרבונדן געוואָרן מיט די ווענט און מען האָט זיי נישט באַמערקט און אָפט זענען זיי בכיוונדיק אָפּגעטיילט געוואָרן און דער גאַנצער פּראַנטיקער לאַסט פון אַלע טעראַסעס און באַלקאָ־נען האָט זיך אָן זיי אָנגעשפּאַרט.

מיט אַ צייט שפּעטער, אַז די בוי־אונטערנעמער האָבן זיך דערקענט אויף באַריסעס אַרבעט, האָט מען אים אָנגעטרויט זעלבשטענדיק צו אַרבעטן. די אַרכיטעקטן־ביוראָ האָט באַקומען אַ באַשטעלונג צו פּלאַנירן אַ גאַנצן בלאָק הייזער אין צפון־קוואַרטאַל פון תל־אביב. פון צענדליקער פּראָיעקטן וואָס מ'האָט צוגעשטעלט איז באַריסעס פּלאַן אָנגענומען געוואָרן. ער האָט גע־אַרבעט איבער אים אין די אָוונטן, ביי אַ נאַפט־לאָמפּ. סאַנטאַ האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען אין די ווירעדיקע צייכנס, אין די צעריסענע שטריכן. זי האָט נאָר געזען קעסטלעך, ציפערן און באַריסעס לאַנגע פינגער אויף דעם פּאַפּיר. זיין דערוואַכטער אַרבעטס־ווילן, די דאָזיקע אָנגעשטרענגטקייט און דאָס פולשטענדיקע איבערגעבן זיך דער אידעע פון שאַפן עפּעס נייס, אַזאַ בלאָק פון הייזער וואָס זאָל האָבן אַ שייכות מיט דער דאָזיקער ערד, מיט דעם איי־ביק־בלאָען הימל, מיט דעם נייעם מענטש, וואָס זיין פּנים זאָל געווענדט זיין צום ליכט — דאָס אַלץ האָט געמאַכט סאַנטאַן רואיק.

איידער ער האָט אָנגעהויבן צו פּראָיעקטירן אויפן פּאַפּיר איז ער אַוועק זען די בוי־שטחים, וווּ עס וועט אַנטשטיין דער נייער קוואַרטאַל. ער האָט מיטגענומען סאַנטאַן. זיי זענען געגאַנגען איבער די זאַמדיקע וויסטענישן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן ממש אַ פּאָר מינוט גאַנג פון דער שטאָט. ווי נאָר זיי זענען אַריבער דאָס טייכל ירקון מיט די גרין־פאַרוואַקסענע ברעגן, האָט זיך געעפנט פאַר זיי אַ זאַמדיק־געבערגלטע ווייט, אַ באַזעצטע מיט אויס־געלאָשענע קוסטעס און וויקל־גראָזן. די געוויקסן זענען דאָ באַדעקט געווען

מיט אַ רויטן זאַמד־שטויב און די שטאַמען האָבן אויסגעזען ווי זשאַוועד־שטאַנגען.

זיי זענען געגאַנגען איבער דער דאָזיקער בראשיתדיקער ערד שווייגנ־דיק. פון דער לינקער זייט האָבן זיי געהאַט פאַר זיך דעם מעכטיקן ים. אַז דער ווינט האָט זיך אויף אַ ווײַלע איינגעשטילט, האָט מען געקענט הערן דעם געררויש פון די ים־כוואַליעס. פון דער רעכטער זייט האָבן זיי געזען די הויכקייט פון תל־קסילה: אַ נאַקעטער באַרג וואָס זעט אויס ווי מען וואָלט אים מיט מענטשישע הענט אָנגעשיט. — דאָ האָט מען אַנטדעקט די שפּורן פון אַן אוראַלטער שטאָט — האָט געזאָגט באַריס. און איבער דעם באַרג, ווײַט ווײַט גרינען פּרדסים און עס ליכטיקן קליינע הײַזער פון דערפער. קעגן איבער האָבן זיי געהאַט אַ גרויס לאַנד מיט שאָסייען, מיט גרינע פעלדער.

ווען ביידע זענען צוגעקומען צוריק צו דעם קעמל־וועג, זענען שוין די שאָטן־קעפּ פון די קוסטעס געלעגן אויפן זאַמד. עס האָט שוין געטונקלט.

ביים טירל וואַרט די קאַץ. זי שאַרט זיך ביי סאַנטאַס פיס און טורעמט דעם רוקן. דאָס הויז הילט זיך אין שאָטנס.

אָרעם און נישטיק זעט עס אויס אין זייערע אויגן. זיי וואָלטן אַוועק פון דאַנען. עס דריקט זיי די דאָזיקע אומהיימלעכקייט פון פרעמדן געסל. סאַנטאַ ווייסט אַז זי וועט שוין נישט קענען אַוועקגיין פון דאַנען. זי האָט זיך באַצויגן צו דעם הויז ווי צו אַ לעבעדיקער באַשעפעניש, אַ פאַרלאָזענער.

שפּעט ביינאַכט, אַז דער נאַפט־לאָמפּ איז אויסגעגאַנגען, האָט זי גע־הערט באַריסעס פעסטע טריט איבערן צימער. דאָס זענען שוין אַנדערע טריט — האָט זי געטראַכט.

— האָסטו זיך איינגעקוקט אין די גרויסע ליכטיקע פענצטער? קוקסט אויף די הייזער און זעסט נאָר פענצטער, נאָר גלאָז! דער פאַסאַד זעט אויס ווי אַ חשבון־בוך! אַזש ביז לאַנגווייל, ביז קאַפּווייטיק!...

ער האָט געלאַכט.

זי האָט אים שוין לאַנג נישט געהערט לאַכן. ווי גוט עס איז איצט אין דער פינצטערניש צו הערן זיין אויפגעבונדענעם געלעכטער. דאָס מאָל איז עס נישט קיין אויפגעצוווּנגען לאַכן כדי זי צו באַרואיקן, כדי זי אויפצוהייי־טערן, ווי ער פלעגט דאָס אָפט טאָן, אַ לאַכן וואָס פלעגט אַרויסקומען ווי אַ בייז שפּאָטעריי. ניין, איצט איז עס פּשוטע פרייד.

...— טייל הייזער האָבן אומגעלומפּערטע באַלקאָנען... בלינדע... פאַר־מויערטע... זעסט נישט קיין פענצטער... קוקסט אויף אַזאַ הויז און עס דאַכט זיך דיר, אַז דאָס איז אַ ריזיקער קרעדענס מיט אויפגערוקטע שופלאָדן... איצט בויט מען מיט גרויסע פענצטער, מען בויט בלויז פענצטער... ליכט...

ליכט... נאָר ליכט... דאָס איז אַן ענטפער אויף די בלינדע אַראַבישע מוירן, אויף די פינצטערע ווענט מיט די שמאָלע פענצטער־קראַטן. מען וויל זיך אָפּטיילן פון אָריענט, פון אַזיע, מען וויל דאָ איינפירן דאָס פאַרקערטע! מיר טרייבן איבער! פון איין עקסטרעמקייט צו דער אַנדערער לויפן מיר! מיינע הייזער וועלן זיין אַנדערע: אַ געוועב פון ליכט און שאָטן. נישט אַרויסשטעלן די גלעזערנע, גדלותדיקע נאַקעטקייט, נישט בלענדן מיט גלאָז נאָר אַרומנעמען די פראָנט־ווענט מיט אַן אָרנאַמענטיק פון געקעסטלטע צעמענט־ציגל, מיט אַ געקניפּ פון זיילן און בינד־בלאָקן. אַ פרייען בליק צום ים, צו די רחבותן! איך וועל צעברעכן די ברענענדיקע זון־שטראַלן אָן לייכטע טעראַסן און באַלקאָנען האַלב־אָפענע פון געגאָסענע צעמענט־שטאַכעטן. זיי וועלן זיין פאַרשיידנאַרטיק, פאַרשיידנפאַרביק, אַ געמיש פון נאַטירלעכע פאַרבן, גענומענע פון אונדזער לאַנדשאַפט, די קאָלירן וואָס עס האָט אונדזער ערד: די חמרה־פאַרב, געל־זאַמדיק, זילבער־גרין און אָליוו...

עס איז איר גוט געווען צו הערן זיין קול. דאָס ערשטע מאָל ווי זיי דערמאָנען נישט אין זייערס אַ געשפּרעך דעם נעכטן, די וויסטע וויקל־געסלעך ביים מעטשעט, די אַלטע צוויי אַראַבער, נישט די שכנטע אסתר.

אַ גרויסע וועלט שפּרייט זיך נישט ווייט פון דעם קעמל־וועג. נאָר ביידע זענען געפאַנגען געוואָרן פון דעם קאַקטוס־פּלויט און פון די פרעמדע נאַכט־שאָטנס.

ווי נאָר עס האָבן אויפגעהערט די רעגנס האָט מען אָנגעהויבן צו בויען דעם נייעם בלאָק הייזער לויט באָריסעס פּלענער.

דאָס זענען געווען זיינע גרויסע טעג. ער איז מיט איין מאָל אַריין אין אַן אַנדער וועלט. וועגן אַזאַ מין ענדערונג אין זיך האָט ער אַפילו נישט געטרוימט. דאָס איז גאָר אַן אַנדערער מענטש! די צעברעקלטע שאָטנס פון זיין פּנים, דאָס נערוועזע צוקן פון רעכטן מויל־ווינקל, דער מידער גאַנג — דאָס אַלץ איז פאַרשוווּנדן. זיינע אויגן זענען געוואָרן רואיקע; די שוואַרצאַפּלען האָבן זיך אויסגעברייטערט, בלויז די קנייטשן ביי די אויגן זענען געוואָרן טיפער. אויך אין די רייד איז ער ממש נישט צו דערקענען: אַנשטאָט דאָס פאַרוויקלטע ריידן, דאָס האַלב־פּלאָנטערנדיקע, מיט לאַנגע אויסגעצויגענע זאַצן, איז איצט זיין וואָרט געוואָרן וואָגיק און געהאַט אַ מעטאַלענעם קלאַנג.

אָפט מאָל איז געקומען די שכנטע אסתר. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שוועל און געשטריקט. זי איז די לעצטע צייט געוואָרן שווייגנדיק. אין די נעכט איז אסתר מער נישט געשטאַנען ביים פענצטערל.

נאָך אַ וואָך — און שווערע טראַקטאָרן וועלן אָפּרייניקן די פּאַרוויל־דעוועטע שטחים פון די טויטעביימער. זי זעט שוין מער נישט די וואַנדערנ־דיקע זיילן אין די נעכט. אָבער די ערשטע שרעק, וואָס עס האָט זי געפּאַנ־גען בעתן קומען אין געסל אַריין, איז געבליבן. די שרעק איז פּאַרטייעט אין איר און וואַרט נאָר אויף אַ געלעגנהייט אויסצוברעכן. מען פילט דאָס אין די ציטערנדיקע פינגער, אין דער האַסטיקייט פון אירע באַוועגונגען און אין דעם אויסגעלאָשענעם פּנים.

איין מאָל, ווען סאַנטאַ איז אַרויס פון צימער, האָט זי באַמערקט ווי ביי דער שוועל זיצט די שכנטע אסתר און גלעט די קאַץ. זי האָט זיך פאַרשעמט, די שכנטע, און גענומען טרייבן די קאַץ פון דער שויס.

— דו, שד אַראַבישער... וויסטע אַנשיקעניש...

די שכנטע האָט דערביי גוטמוטיק געשמייכלט.

— מיין לעאָן האָט מיר געזאָגט אַז ביינאַכט קומען אַראַבער אין געסל אַריין. אָבער מורא האָבן זאָלט איר נישט, שכנטע סאַנטאַ. זיי קומען מיט אייזלען... מען שעכט אייזלען אין וואַדי... איין ספּולקע... דערנאָך טרינקט מען ביי מאַקסלען בראָנפן... איר דאַרפט זיי אָנקוקן... פאַרשווינען ווי אונ־זערע... גאָטס וועלט דרייט זיך... אוי ווי מיר נישט־געשען.

אסתר איז אַוועק. סאַנטאַ קוקט איר נאָך מיט טרויער. איצט וועט שוין קיינער נישט דורכגיין דורך דאַנען. פאַרנאַכט וועט קומען באַריס. און אַז עס וועט פינצטער ווערן, וועט זיך אָפּרופן די נאַכט־סאָווע. ביי די שכנים אין די פענצטערלעך וועט אויפלייכטן אַ געל ליכט. גלייך נאָך דעם וועט זיך אָנהייבן דאָס שאַקאַלן־געוויין. זי וואַרט שוין אויף דעם אַלעם. עס מוז דאָך קומען, ווייל נישט וועט עפּעס פעלן אין דער דאָזי־קער טרויעריקער וועלט.

עס איז נאַכט. אַ שטאָק פינצטערע נאַכט.

דער קאַצס אויגן פינקלען אַרויס פון דער חשכות. סאַנטאַ קאָן נישט שלאָפן.

באַריס האָט לאַנג גערעדט וועגן די נייע הייזער, וואָס מען בויט שוין אויף די זאַמד־פעלדער נישט ווייט פון ים, וועגן די ברייטע באַלקאָנען און טעראַסן, וועגן די זיילן און די נידעריקע גאָרטן־צוימען מיט די שטיין?וועגן וואָס וועלן פירן צו מירמלנע טרעפּ.

איצט שלאָפט ער. אים איז גוט. זינט מען בויט די הייזער לויט זיינע פּלענער האָט ער אויפגעהערט צו זען די דערנער־שאָטנס, ער הערט מער נישט דעם געוואָי פון דער וויסטעניש און נישט די טריט פון די נאַכטגייער.

וואָס רואיקער עס איז געווען באַריס, אַלץ דערווייטערטער איז ער גע־וואָרן פון סאַנטאַן.

זי איז איצט איינע אַליין. מען האָט זי געלאָזט אין אַ פינצטערן וואַלד און זי געפינט נישט קיין שטעגל וואָס זאָל זי אַרויספירן צום ליכט פון טאָג.

עס זענען ווינציק געווען פאַר איר די רייד זיינע וועגן די מענטשן וואָס ער באַגעגנט אין שטאָט, וועגן די בוי־אונטערנעמער, וועגן די אַרבעטער. זי האָט געוואָלט צוזאַמען מיט אים שלייכן זיך אויף די פאַרווילדעוועטע וואַלד־שטעגלעך פון אירע חלומות און מיראַזשן. זי האָט געוואָלט, אַז זיין האַרץ זאָל פונקט אַזוי ווי איר האַרץ אויפגעציטערט ווערן פון גרויל. דאָס וועט איר דערלייכטערן. זי וועט נישט פאַלן אין אָפּגרונט, זי וועט נאָר גיין ביים ראַנד און פילן באַריסן. איצט דערווייטערט ער זיך פון איר אַלץ מערער און מע־רער. ווי רואיק ער שלאָפט. דאָס איז דער שלאָף פון אַ שטאַרקן און געזונטן.

פון דער פאַרוויסטער ברונעם רופט מען. דאָס קול קייקלט זיך איבער די פעלדער מיט אַ וויינענדיקן נאָכקלאַנג. אַ נאַכט־פויגל פּאַטשט מיט די פליגל. וואָלקנס גידערן. זי קאָן נישט איינרוען אין דער דאָזיקער נאַכט. אפשר זאָל זי אַרויס צו דער שוועל? ווער קאָן דען אַזוי רופן אין דער נאַכט? זי מוז נאָכגיין דער פאַרהוילענער וויינענדיקער שטים. די שטיינער פון דיל זענען קאַלט. אַ ציטער איז דורכגעלאָפן דורך איר גאַנצן קערפּער.

די טיר עפנט זיך אַליין ווי אַ ווינט וואָלט זיך אַריינגעריסן. איצט שפּירט זי דעם ווינט. אָ, גאָט, ווי אַזוי גיי איך דאָס אַרום אַ נאַקעטע אין דער נאַכט? גוט וואָס עס איז פינצטער און קיינער זעט מיך נישט. דער ווינט פרישט אויף, ער מאַכט וואַך. ער קומט פון די בערג און ברענגט מיט זיך דעם ריח פון די קופּער־פעלדזן, פון די באַרג־פלאַנצן.

עס ליכטיקט אַרום איר. איר דוכט זיך אַז זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ליכט־זייל. די ערד איז גוט צו אירע באַרוועסע פיס. זי איז אַזוי נאָענט, די דאָזיקע ערד! יאָ, דאָס ליכט קומט פון איר נאַקעטן גוף!

פאַרוואָס וואַנדלט זי אַרום אין מיטן נאַכט? פאַרוואָס? איך וועל צוריק־גיין אַהיים... זי האָט זיך איינגעבויגן, איינגעקאַרטשעט און פאַרשטעלט מיט ביידע הענט די ברוסטן. איצט ציטערט זי. עס איז איר אויסטערליש גוט אין דעם געציטער. דאָס איז די גוטסקייט ערב דעם אַריינשפּרינגען אין אַ טייך. באַלד וועט זי דערשפּירן דעם סאַמעט פון די וואַסערן... זי וועט עפענען די אויגן און אויפשליסן די אָרעמס... עס וואַרטן אויף איר נאַקעטקייט די נאַכט־הימלען... די זילבער־וואָלקנס... די שוועבנדיקע באַרג־שפּיצן פון די ווייט־נאָענטע בערג... זי וועט אַוועק אַן אויסגעגלייכטע און שטאָלצע, אַזוי ווי דער ווינט, ווי דאָס ליכט פון די וואַנדערנדיקע שטערן... אָט אַזוי — — — —

און סאַנטאַ האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן צו גיין. די קאַקטוסן האָבן זיך צוגערוקט אַלץ נענטער און נענטער. זי זעט דעם גלי פון שטעכיקע זילבער־נאָדלען. זילבער־קעפּ און זילבער־נאָדלען... טויזנטער... מיליאָנען... זי אַליין איז אַ שטיק זילבער, וואָס וועט צונויפגעשמאָלצן ווערן מיטן זילבער פון די נאָדלען... זי וועט אַריבערשוועבן איבער די דערנער... און ווי נאָר זי איז צוגעקומען צום שטעכיקן צוים האָבן זיך די דערנער אָנגעהויבן צו באַוועגן. זיי האָבן זי אַריינגענומען אין דער מיט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַראַהאָד־טאַנץ פון קאַקטוסן און דערנער. זיי האָבן צעריסן איר לייב און זי איינגעקלעמט אין דערנער־קרוינען. אומעטום נאָדלען. עס טוט וויי... זי איז באַדעקט מיט בלוט־טראָפּנס... טויזנטער בלוט־טראָפּנס. זיי לויכטן ווי די רובינען... אָ, גאָט! אָ־אָ־אָה!...

איר געשריי האָט זיך אויסגעמישט מיטן שאַקאַלן־געוויין — — —

זי האָט דערוואַכט אין מיטן נאַכט־קאַשמאַר. באַריס שלאָפט ביי דער וייט. האָט ער נישט געהערט איר געשריי?

דער ווייטיק פון די סאַברע־בלעטער און דערנער אויף איר לייב איז נישט פאַרגאַנגען. זי פילט אים אָפּ אַזוי שאַרף. מיט די פינגער באַרירט זי די בריסט. ווו זענען די בלוט־טראָפּנס? איז מיין הויט צעריסן? פאַרוואָס טוט מיר אַזוי וויי דער גאַנצער גוף? ווער האָט אים פאַרוואונדעט? ווו בין איך געווען אין מיטן דער נאַכט?

ווידער דאָס שאַקאַלן־געוויין.

ווי רואיק ער איז! איך בין איינע אַליין, אָ, גאָט, אויף דיין וועלט! ער האָט מיך איבערגעלאָזט מיט מיין פּיין! ער!

סאַנטאַ האָט בייז געדראָט מיט איר האַנט דעם שלאָפנדיקן באַריס.

דאָס נאַפּט־לעמפּל איז פאַרלאָשן. זי זוכט אויף דעם קליינעם טישעלע די שוועבעלעך. די קאַץ שאַרט זיך ביי אירע פיס. איר פעל איז וואַרעם. דאָס איז די איינציקע לעבעדיקע באַשעפעניש וואָס איז איר נאָענט.

אַ פלעמל שפּרינגט אויף. סאַנטאַ באַלייכט זיך די הענט, די פיס. זי שוט אויס דאָס נאַכטהעמד און זוכט די וווּנדן פון די סאַברע־בלעטער אויף איר לייב. זי האָט זיך דאָך נאָר־וואָס אַרויסגעריסן פון דעם סאַברע־געקנויל, פון די שאַרפע צעזילבערטע דאָרן־קוסטעס וואָס האָבן צעבלוטיקט איר לייב! זי שפּירט דאָך דעם שטעכיקן ווייטיק! אָ, ווי עס פרירן די פיס! ווו זענען די בלוט־וווּנדן?

איז דאָס פאַרבלענדעניש? פאַרוואָס בין איך אַזוי מיד? אַזאַ שווערע, בלייערנע מידקייט ציט מיך צום באָדן.

זי וועט זיך אַוועקלייגן אויף די שטיינער און דאָס וועט איר העלפן. אי־

רע אויגן ווערן גרויס. דאָס נאַפט־לעמפל ציטערט אין איר האַנט. זי וועט נאָך מערער אַרויפדרייען דאָס פייערל. זאָל עס העלער פלאַקערן! זי וויל זיך זען! זי קוקט אויף זיך ווי מען קוקט אויף אַ פרעמדן: די פרעמדע איז הויך, מיט רונדיקע אַקסל, מיט קליינע בריסטן. די ליניען פון האַלדז שליסן זיך ווייך מיט די הענט, מיט דעם רוקן. די פיס זענען צונויפגעשלאָסן, געשפּאַנט ווי צום שפּרונג.

סאַנטאַ איז שוין איצט נישט אַליין. זי איז מיט דער אייגענער נאַקעטקייט און צו דער נאַקעטקייט אירער רעדט זי גוטע רייד, פול מיט באַדויערן און טרייסט: ביסט געפּאַנגען געוואָרן פון שרעק, פון פּחד, פון אַ וויסטעניש. דו ווילסט דיין גוף אַריינשליידערן אין די קאַקטוסן אַריין. דיין נשמה ראַנגלט זיך שוין דאָרט מיט דערנער. זע, ווי יונג דו ביסט! זע, ווי שיין דו ביסט! הערסטו דאָס וויגן פון טירל, דעם געשאָרך פון טריקעניש, דאָס געוויין פון שאַקאַלן, דו זעסט די צוויי אַלטע אַראַבער און דו ביסט אין די נעכט אַליין, און ער איז דיר נאָענט און דאָך אַזוי ווייט, אַזוי פרעמד. ער ווייס נישט אַז דו ביסט אַרויס אַ צעבלוטיקטע פון די דערנער. אַז דו לויפסט אַרום אַ נאַקעטע און באָרוועסע איבער די דאָרן־פעלדער! ער ווייסט נישט אַז צוקאָפּנס וואַכט דער אומרו, די פּיין, און ווי נאָר דו שליסט די אויגן דערנענטערט ער זיך, דער פּחד, צו דיר און רייסט אויף דיינע אויגנאַפּלען, ער נעמט דיך אין זיינע אייז־קאַלטע קנאָכיקע הענט און טראָגט דיך אין דעם פינצטערן קעניגרייך אַריין — — —

און אַז באָריס האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז סאַנטאַ געשטאַנען אַ נאַקעטע מיט דער נאַפט־לאָמפּ אין דער האַנט און הויך גערעדט צו זיך.

ער האָט זיך אַ ווײַלע אַרומגעקוקט ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטדעקן דאָס אָרט וווּ ער געפינט זיך. זיינע אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן און פון דער ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי.

די נאַפט־לאָמפּ איז אַרויסגעפאַלן פון איר האַנט און דאָס גלאָז איז צעשפּליטערט געוואָרן אָן די שטיינער פון דיל.

אַ פינצטערניש אַ געדיכטע, אַ טויבע, אַ תהומיקע האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע הויז.

סאַנטאַ האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף באָריסעס ברוסט און געוויינט. דערנאָך איז זי שטיל־געוואָרן און איינגעשלאָפן. נאָר די קאַץ האָט נישט געוואָלט איינרוען. זי האָט גערופן, מיט די נעגל געריסן דעם פאָרהאַנג ביי דער טיר.

באָריס איז אַראָפּ פון געלעגער און געעפנט די טיר. אין דרויסן איז נאָך

נאַכט. ערגעץ אין מזרח גרויט שוין. אַ שאָטן האָט זיך אַ גליטש־געטאָן איי־בערן הויף און איז נעלם געוואָרן צווישן די דערנער. דאָס איז די קאַץ אַוועק צו איר אַלטן געלעגער. אפשר איז איר דאָרט היימלעכער ווי אין שטוב, — האָט ער אַ טראַכט־געטאָן.

באָריס איז געלעגן ביז פאַרטאָג אין בעט און עס האָט זיך איבערגע־חזרט ביז ווייטיקדיקן לאַנגווייל דאָס אַלץ וואָס ער האָט געהערט אין די ערשטע נעכט פון באַזעצן זיך אין דעם געסל: די זעלבע קולות פון שאַקאַלן, די טריט אין זאַמד, דאָס אייזל־געוויין, דער פויגל־רוף, דאָס וויגן זיך פון די טרוקענע בלעטער אויף דער פעכער־פאַלמע, דאָס סקריפּן פון טירל.

סאַנטאַ שלאָפט מיט דעם שלאָף פון אומרואיקע. ער דערקענט דאָס לויט איר אָטעמען, לויט דעם געציטער פון אירע אַקסל. ער איז געווען זיכער אַז ערשט היינט ביינאַכט האָט ער דאָס ערשטע מאָל דערזען סאַנטאַן אין איר גאַנצער שיינקייט. זי איז ווירקלעך זעלטן־שיין האָט ער געטראַכט. דאָס איז דאָך געווען אַ חלום, די גאַנצע געשיכטע מיט איר נאַקעטקייט אין דער נאַכט. דאָס איז געווען זיינס אַ חלום, אַ מיראַזש, אַ בענקשאַפט זיינע נאָך עפּעס שיינס וואָס יעדער טראָגט אין זיך. נישט סאַנטאַ איז דאָס געווען! אַז אַנ־דערע האָט ער אויסגעפּיבערט אין זיין אומרואיקער נאַכט.

און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף איז שוין געווען ליכטיק. סאַנטאַ איז נאָך אַלץ געשלאָפן. אַז ער איז אַראָפּ פון בעט, האָט ער דערזען אויף דעם דיל די צעבראָכענע נאַפט־לאָמפּ. עס איז אים גוט געוואָרן וואָס איר גוף אין דער נאַכט איז נישט געווען קיין חלום, נאָר עס איז אַן אמת. און ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער איר מיט אויפגעוואַכטער ליבשאַפט.

לאַנגע שעהן איז נחום געשטאַנען אַנטקעגן דעם ווייסן, פירקאַנטיקן לייוונט. די קנייטשן אַרום זייגע אויגן־ווינקלען זענען שאַרף געוואָרן, זיי האָבן געציטערט, און אין דער שטילקייט פון קליינעם צימער האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מען הערט דאָס וויברירן פון סטרונעס, וואָס אָט־אָט וועלן זיי צעריסן ווערן און עס וועט פול ווערן מיט אַ דין־מעטאַלענעם געיאָמער.

דאָס מאָלברעט איז געלעגן אויף אַ קליין הילצערן טישל. דאָס גאַנצע ליכט פון פענצטער איז געפאַלן אויף דעם פאַרבן־געמיש פון דער פּאַליטרע. אַ ווונדערלעכער צונויפגאָס פון ריין טאָגליכט, וואָס קומט גלייך פון די קלאָרע הימלען, מיט אַ כאַאָטישן געמיש פון איילפאַרבן: פלעק לעבן פלעק, גרייטע פאַר דער לייוונט וואָס איז שוין אָנגעצויגן אויף אַ ראַם.

נאָר אַ הייב־טאָן די האַנט און דער פּענדזל וועט אַריבערטראָגן אָט־אָ דעם דאָזיקן פאַרבן־געמיש אויף דער לייוונט.

איז דאָס אַזוי שווער?

קוק זיך איין אין די פאַרבן וואָס ליגן אַזוי אָפן פאַר דיר! קוק זיך גוט איין און דו וועסט דערזען דיין אייגן פּנים!

דו האָסט זיי כאַאָטיש געמישט, צונויפגעפלאָכטן, באַהאָפטן — און זע — וואָס עס איז אַרויסגעקומען!

דיין לעבן שפּרייט זיך פאַר דיר!

נישט נאָר דורך וואָרט, דורך קלאַנג, קומט צו דיר צוריק דיין וועלט — זי קומט אויך דורך פאַרב.

דער פּיאָלעט־זילבערנער נעפּל — דאָס איז דער הימל פון דיין ייִנגלשאַפט. דאָס מילדע גרין, וואָס האָט זיך ווי נאָר־וואָס אַרויסגעשיילט פון געל — דאָס איז דער ערשטער קנאָספּן־אָנזאָג פון דיין בליִונג. געדענקסטו די פרילינג־לאַנען און די טוי־נעפּלען איבער זיי? דערקענסטו דען נישט אין די אַלע שאַטירונגען פון ווייס־פּיאָלעט־ראָז־זילבערגרוי — די שניי־פעלדער פון דיין קינדהייט? און איבער דעם אַלעם הערשט איצט די אָנפאַרביקע פאַרב פון מידע פעלדער וואָס דאָס נאַקעטע ליכט פון גאָטס הימלען האָט זיי פאַרלאָשן.

די אָנפאַרביקייט, די שאַרלעך־אויסגעלאָשענע, די מאָנאָטאָנע, האָט ווי

אַ דיקער שטויב פֿאַרדעקט דיין פּאַליטרע און ווען נאָר דו באַרירסט מיט דיין פּענדזל די פֿאַרבן, דוכט זיך דיר, אַז ער האָט זיך נאָר אין שטויב געטונקען. און דאָ — אַנטקעגן דיר, שטייט אַזאַ ליכטיק לייוונטענער קוואַדראַט ווי אַ זעגל וואָס דו ווילסט אים נישט פֿאַרשוועכן.

אַזוי איז געווען נעכטן. די טעג גייען. ער ווייס, אַז אויך היינט וועט ער נישט מאָלן נאָר ער קען נישט אַוועקגיין פֿון מאָלברעט. ער וואַרט ביז דער אָוונט וועט צופֿאַלן, דעמאָלט וועט ער אַוועקלייגן זיך אויפֿן בעט און קוקן ווי אַלץ ווערט איינגעהילט אין שאָטנס. ער וועט האָבן אַ פֿאַרענטפֿערונג פֿאַר זיך אַליין: עס איז שוין טונקל. דאָס ליכט טויג נישט צום מאָלן. דער־נאָך וועט זיך פֿאַמעלעך עפֿענען די טיר און זיין פֿרוי וועט אין דעם טיר־שפּאַלט אַריינשטעלן דעם קאָפּ:

— אָ, נאַכי, דו מאָלסט נישט? דו ביסט מיד... — זי וועט אַ שמייכל־טאָן און ער וועט בשום־אופֿן נישט קענען וויסן אויב דאָס איז ליבשאַפֿט, מיטלייד אָדער שפּאָט.

און אַזוי אַן אויסגעלאָשענער וועט ער ליגן אויפֿן בעט און פּרוּוועבט ווערן פֿון דעם גרויען שפּינגעוועב וואָס ער אַליין וועבט אויס. דערנאָך וועט זיך אָנצינדן דאָס עלעקטרישע ליכט אין זיין צימער, און אַ מידע לאַנגוויי־ליקע שטים וועט אים רופֿן צום אָוונטברויט. ער וועט זיצן אַ שווייגנדיקער. טייל מאָל וועט ער פֿאַר היימלעכקייט עפּעס זאָגן. סתם אַזוי אַ וואָרט, וואָס איז צו גאָרנישט געבונדן. און אַז דאָס וואָרט וועט פֿאַרגיין, וועט קיינער מער נישט געדענקען אַז ער האָט עפּעס געזאָגט. און ער אַליין וועט זיך נישט קאָנען דערמאָנען אויב ער האָט בכלל גערעדט אָדער געשוויגן. ווען ער וועט אָנטרעפֿן איר בליק וועט אים קלאָר ווערן, אַז זי האָט פֿריִער געקוקט אויף אים מיט שפּאָט און מיטלייד. ער דערקענט נאָך דעם געמיש אין אירע אויגן. זיי דערמאָנען אין דעם געמיש פֿון נעפּלען און שפּיזלדיק ליכט וואָס קומט פֿון גלאָז־שפּליטערס.

ער קען שוין דאָס אַלץ ביז לאַנגווייל.

ער קען דעם אָוונטיקן שפּאַציר וואָס ער וועט מאַכן צוזאַמען מיט זיין פֿרוי. זיי וועלן פֿאַרבייגיין די קראָמען פֿון גרינוואַרג און פֿיש, דערנאָך וועלן זיי פֿאַרקערעווען לינקס, צו דער אַלייע. זיי וועלן גיין שווייגנדיקע. זי וועט זאָגן די זעלבע געציילטע רייד און ער וועט זען פֿאַר זיך די טרויעריקע מאָ־נענדיקע ווייסקייט פֿון דעם לייוונט. די דאָזיקע לערקייט איז אַריין אין אים! ער קאָן נישט פֿאַרבינדן די מחשבות. בלויז די גרויע מאָנאָטאָנע ליידיקייט איז אומענדלעך.

אפשר וועט אים דער אָנקומענדיקער טאָג אויסלייזן?

אַזוי פאַרגייען טעג נאָך טעג.

אויף דעם טעגלעכן אויסהאַלט פאַרדינט ער פון קליינע גראַפישע אַר־בעטן. ער מאַכט זיי גיך און פּינקטלעך. און אַז ער בלייבט שטיין פאַר דעם מאַלברעט ווערט ער אומרואיק, געפּאַלן ביי זיך און טרויעריק.

דאָס איז אַן אַנדער וועלט, אַ פרעמדע, נאָך נישט אַנטדעקטע וועלט! ער האָט איר נאָך נישט דערזען! זי איז דאָ און ער האָט נאָך צו איר נישט דער־נרייכט! עס איז אָפן פאַר אים דער הימל, די ווייט — אָבער ער האָט פאַר זיי נישט די פאַרב און נישט קיין נאָמען. אַ גרוי־אויסגעלאָשענע לאַנדשאַפט שפּרייט זיך פאַר אים!

ניין! זי איז נישט גרוי, זי איז נישט אויסגעלאָשן. זי איז פאַר אים פאַרבאָרגן!

ער פילט די פאַרבן בעת ער ליגט מיט צוגעשלאָסענע אויגן. מיט די פינגער־שפּיצן שפּירט ער זיי. און אַז ער עפנט די אויגן זעט ער די גרייטע פאַרבן וואָס ער האָט מיט טעג צוריק אויסגעמישט.

ער וועט נאָך עפּעס צוגעבן. נאָך אַ קליינעם טאָן!

זיינע הענט זענען אומרואיק. די פּאַליטרע לעבט־אויף. נאָך אַ רגע און דער פּענדזל וועט זיך באַהעפטן מיט דער גערולדיקער לייוונט.

מיטאַמאָל עפנט זיך פּאַמעלעך די טיר מיט אַ זשאַווער־געסקריפּ און אין דער טיר־שפּאַלט באַווייזט זיך זיין פרויס קאָפּ.

— אָ, נאַכי, דו מאָלסט נישט? דו ביסט מיד — — — —

זי האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן נאָר ער האָט איר נישט געלאָזט. ווי ער קען שוין דאָס אַלץ!

נחום האָט אַ וואָרף־געטאָן די פאַרבן און איז צו צו דער טיר.

— וווהין גייסטו, נאַכי? נעם עפּעס אויף זיך... עס איז שוין קיל...

— איך קום באַלד. דאַרף נאָר ערגעץ אויף אַ האַלבער שעה...

ער האָט זיך געטראָגן איבער די גוט־באַקאַנטע געסלעך, געשטעלט גרוי־סע אייליקע טריט ווי ער וואָלט פון עפּעס אַנטלאָפן.

איצט ווייסט ער קלאָר, אַז דאָס איז אַן אַנטלויפן פון לאַנגוויל. וואָס גיכער ער איז געגאַנגען, אַלס העכער האָט געפּויקט דער לאַנגוויל אין אים. עס האָט זיך אים דערמאָנט אַן יענעם איינזאַמען הונט וואָס קינדער האָבן צוגעבונדן אַ פּוסט בלעכן שאַכטל און וואָס שנעלער עס איז געלאָפן דער אומגליקלעכער הונט אַלץ הילכיקער האָט געפּויקט דאָס שאַכטל אָן די שטיי־נער פון ברוק.

ער איז דערגאַנגען צום אָפענעם ים. עס איז ערב זון־פאַרגאַנג. אַ גרויסע

זון. זילבער־שטרייפן. צעגאָסענער קופּער. אַ ווייסער זעגל וויגט זיך אויפן ים־האָריזאָנט. דאָרט לינקס, גאָלדיקט זיך דער האַפן פון יפו מיט די מע־טשעטן, מיט די קופּאָלן און טורעמס. יפו איז ווי אַן אָרעם אַריינגעשניטן אין די זילבער־שטרייפן. נאָך אַ רגע און די זון וועט באַרירן דעם ימס האָ־ריזאָנט. דאָס וועט זיין אַ רגע פון גליק. ער פילט אויס די פרייד פון ים. ווי מילד זיי זענען איצט די גרין־מאָכיקע שטיינער פון ברעג.

גוט וואָלט געווען ווען ער וואָלט געשווומען אויף יענעם קליינעם ווייסן זעגל־שיפל און געטראָגן זיך מיטן פאַרנאַכטיקן ווינט ביזן ברעג. אין האַפן ליכטיקן ווייסע מאַסטן. דאָרט וויגן זיך די פישער־שיפלעך. די פנימער פון די פּאָרט־אַרבעטער זענען אַוודאי פון רויטן קופּער.

די רגע פון גליק איז אים באַפאַלן.

דאָס איז געווען אַזאַ פּלוצימדיקע, אויפגעוואַכטע, נישט־געאַנטע פרייד.

דער ים־ברעג איז פּוסט. עפּעס טונקלט זיך נישט ווייט פון אים. אַזאַ ויידענער שלאַנקער שאָטן וואָס פאַלט פון אַ באַלויכטענעם מאַסט. דאָס איז אַ יונגע פרוי. ער האָט דערזען ווי דער ווינט קעמט אירע שוואַרצע האָר און דאָס פּנים איז געווענדט צום ווייטן ווייסן זעגל.

אפשר וואַרט זי אויפן זעגל־שיפל?

עס איז דאָ אַזאַ וואונדערלעכער צוזאַמענהאַנג צווישן איינזאַמען ווייסן זעגל אויפן האָריזאָנט און דער יונגער טונקל־געקליידטער פרוי ביים ים־ברעג, האָט ער געטראַכט.

דער זעגל דערנענטערט זיך. ער איז שוין אין זילבער־שטרייף פון ים.

די פרוי האָט אָפּגעוואָנדן איר פּנים פון ים און קוקט אים אָן בייז און פאָרשעריש:

— אדוני, האָסט צו פאַררייכערן?

ער האָט געזוכט אין די טאַשן, כאָטש עס איז אים פון פריִער אויס גע־ווען קלאָר, אַז דאָרט געפינען זיך נישט קיין פּאַפּיראָסן.

— הם, האָסט נישט? נו גוט. איך וועל שוין אַליין אַוודאי געפינען אין מיין טאַש.

זי האָט געעפנט אַ גרויסע שוואַרצע לאַקירטע טאַש. דאָס פלעמל וואָס זי האָט אָנגעצונדן איז גלייך פאַרלאָשן געוואָרן פון ווינט.

— פאַרוואָס העלפסטו נישט? ווילסטו אויך פאַררייכערן? קום צו נענ־טער, פאַרשטעל דעם ווינט! איך וועל דיך נישט איינשלינגען!

זי האָט גערעדט הייזעריק. עס איז אים גוט געווען צו הערן דאָס קול

אין די איבערררייסן צווישן דעם געדויש פון די כוואַליעס, וואָס האָבן גע־שוואָנקען די גרינע ים־שטיינער.

— אויף וועמען וואַרטסטו, מיידל?

— אויף דיר וואַרט איך! גלייבסט נישט?... כאַ־כאַ־כאַ...

זי האָט גרויסע שוואַרצע אויגן און אומגעלומפּערט צוגעשניטענע ברע־מען. איצט לאַכט זי ווידער צו אים און די צוויי קנייטשן ביי די מויל־ווינק־לען פאַרגייען.

— איך וואַרט אויפן זעגל־שיפל. דאָרט איז מיין בחור.

— איז ער אַ פישער?

— פאַר אַזאַ נאַר האַלטסטו מיך?... מיין בחור אַ פישער?... כאַ־כאַ־כאַ...

עס איז געוואָרן אויסטערליש שטיל. אין די דאָזיקע רגעס פון איר שווייגן האָט ער נישט געוווסט וואָס צו טאָן און אַז ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן ים האָט ער געזען ווי דאָס זעגל האָט זיך באַהאַפטן מיט דער וווּנדערלעכער זון און עס איז געוואָרן איינס מיט איר.

זי האָט אים אָנגענומען פאַרן אָרעם.

— קום מיט מיר. ווילסטו נישט, דו שוטה?... כאַ־כאַ־כאַ...

עס איז שוין טונקל. דער זילבער־שטרייף איז פאַרגאַנגען. דאָס זעגל איז שוין אַוודאי ביים ברעג.

אין יפוער שענק איז רעשיק.

— צוויי ביר! — רופט נחום — דו, הערסט נישט, צוויי ביר!

בלייכע פרויען לאַכן אים אין פּנים אַריין.

— העי, ביר־טרינקער, פון וואַנען האָסטו זיך אַהער פאַרשלעפּט?

— דאָס האָט אים סאַלימאַ פון ים אַרויסגעצויגן? זי פישט דאָרט גוט!

זי לאַכט צו אים נאָר אירע אויגן זענען מיד און טרויעריק. ער דער־קענט אין יעדער באַוועגונג אירער אומגעדולד.

— איך וויל ווין... — האָט אים געזאָגט דאָס שוואַרץ־געקליידטע מיידל.

ביי אַ טישל זיצט איינער מיטן קאָפּ געווענדט צום סופיט. זיינע אויגן זענען פאַרשלאָסן, דאָס מויל האַלב־אָפן. אויף די ליפן קלעפּט אַן אויסגעלאָש־שענער פּאַפּיראָס. אויף דעם וואַקסענעם פּנים פון דרימלענדיקן ווימלען צע־ריסענע שאָטנס. ביים הויכן בופעט שטייט אַ צעגאָסענער קעלנער מיט אַ פּרצוף וואָס עס איז שווער אונטערצושיידן אויב דאָס איז אַ מאַן אָדער אַ פרוי.

אַ קריפּל, אין אַ שוואַרצן צילינדער קלאַפּט אין מעשענע טאַצן.

די מיידן דרייען זיך אַרום אים פֿאַרביי און יעדעס מאָל בלייבט אַן אַנדערע קעגן אים שטיין.

דער קריפּל דערגרייכט מיט זיין אומגעלומפּערטן פּנים צו זייערע היפֿטן. איינע האָט אים אַ שטויס־געטאָן מיט איר גרויסן בוזעם און ער איז געפֿאַלן מיט די טאַצן און עס האָט זיך צעשאָטן איבער דער גאַנצער שענק אַ פּרעך קופּערן געלעכטער.

דעם טאַצן־פּויקערס פּנים איז פֿאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ רויטקייט און פֿון די פייכטע אָנגעשוואָלענע ליפּן, די צעקרומטע, האָבן זיך געצויגן גאַווער־פּעדעס.

— וואָס גלאָצסטו ווי אַ נעכטיקער?

מ'ען האָט נחומען אַ לאָז־געטאָן אַ וואָלקן רויך גלייך אין פּנים אַריין.

— כאַ־כאַ־כאַ...

דאָס איז זי, די פֿון ים־ברעג, וואָס האָט געוואָרט אויפֿן ווייסן זעגל. ער האָט איר גלייך דערקענט לויט דעם הייזעריקן געלעכטער.

— מיר דאַרפֿן צוריקגיין צום ים־ברעג. דאָרט וואַרט דאָס שיפֿל...

זי האָט זיך האַסטיק אויפֿגעשטעלט.

איין פֿוס האָט זי אַרויסגערוקט פֿאָרויס און ער האָט דערשפּירט דעם וואַרעמען שטויס פֿון איר קני.

די טירן האָבן זיך צעפּראַלט. עמעצער האָט איר אַ קלאַפּ־געטאָן איבערן אַקסל.

— סאַלימאַ, ביסט באַשעפּטיקט? פֿאַרטיק זיך אָפּ מיטן...

דער פֿרעמדער האָט נישט פֿאַרענדיקט. ער האָט נאָר אַ שפּאָטישן קוק געטאָן אויפֿן מאָלער.

דאָס איז אַ ריזן־יונג מיט אַ צעפּלאַטשיקט פּנים און לאַנגע נאָכהענ־גענדיקע הענט.

— רופֿט מען דיך סאַלימאַ? — האָט נחום געפֿרעגט.

— וואָס איז דיר וויכטיק?

זי האָט צו אים געלאַכט אַרויסרופֿעריש.

— דער ווייסער זעגל איז שוין אין האַפֿן. קום... — האָט ער איר ווי־דער דערמאָנט אַן זעגל.

— פֿאַרשטייסטו נישט אַז איך האָב נישט צופֿיל צייט פֿאַר דיר?... מיין בחור וואַרט...

— איך האַלט דיך נישט אויף. קענסט גיין!

סאַלימאַס פּנים איז רויט געוואָרן פֿון כעס. זי האָט הויך גערעדט:

— איך האָב אומזיסט מיט דיר געפּטרט צייט. איצט שפּאַטסטו פון מיר. געפעל איך דיר אפשר נישט? ווילסט אַ שענערע?

סאַלימאַ האָט אים אַריינגעלאָזן דעם רויך פון איר ציגאַר אין פּנים אַריין און מיט אַן אַקסל אַ שטויס־געטאָן נחומען צום בופעט.

— העי, קעלנער, צעווירענער דו, וויפל צאָל איך פאַרן ביר און ווייַן?

— האָט נחום אויסגערופן מיט אויפרעגונג.

ער האָט געוואָרפן אין דער אויסגעשטרעקטער פליישיקער האַנט פון שענקער פּאַפּירלעך.

ביי דער טיר האָט אים אָפּגעשטעלט דער ריז מיטן צעפלאַטשיקטן פּנים.

— האָסט באַליידיקט מיין בחורה סאַלימאַ. באַצאָל, דו פּחדן איינער!

ער האָט דערפילט אויף זיך אַ שווערע האַנט.

— נעם צו דיין האַנט!

עטלעכע טישלעך האָבן זיך איבערגעקערט און דאָס גלאָזוואַרג איז צע־שפּרונגען געוואָרן אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע.

אין מיטן פון דער שענק איז געשטאַנען דער קריפל מיטן שוואַרצן סור־טוק און שוואַרצן צילינדער און געקלאַפּט מיט די טאַצן און עפּעס געשריען

— דאָס איז געווען אַ פרייד־אויסגעשריי פון ווילדער הנאה, ליידנשאַפט און כּעס. און אַז ער איז אויף אַ רגע שטיל געוואָרן האָט זיך לעבן אים אַוועק־געשטעלט אַ מויד און מיט דער ברוסט אַ שטויס־געטאָן זיין צעקרומט אָנ־געשוואָלן פּנים. דעמאָלט האָט ער אַ וויש־געטאָן דעם גאַוּוער מיט די האַנט־פלאַכן און אַ כאַפּ־געטאָן ביידע גרויסע מעשענע טאַצן און געקלאַפּט מיט זיי.

עס איז שפּעט ביינאַכט.

נאַכי גייט איבער די פּוסטע געסלעך. די שלייפן זענען אים אָנגעצונדן. אין האַלדז איז טרוקן. איין אויג איז טיף אַריין אין דער אויגן־אויסהוילעניש אַזש ער זעט נישט דאָס ליכט. דאָס העמד איז אויף אים צעריסן.

ביי אַ ראָג האָט אים אַ שוטר לאַנג נאָכגעקוקט און נישט געקענט באַ־שליסן אויב ער זאָל פאַרהאַלטן דעם דאַזיקן בר־נש אָדער לאָזן אים אַזוי וואָגלען מיט דעם שיכור־גענגל איבער דער נאַכטיקער שטאָט.

ער איז בייז געווען אויף זיך, אויף דעם לאַנגווייל וואָס האָט אים פאַרטריבן אַזש צו די דאָזיקע טונקעלע געסלעך מיט די הפקר־יונגען. ער איז פול געווען מיט שנאה צום אייגענעם ווייב, די וואָס וועט מאָרגן ווידער פאַ־מעלעך, עפּענען די טיר.

ער האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט און הויך גערעדט צו זיך אַליין:

„נאַכי, דו מאָלסט נישט? דו ביסט — — — — כאַ־כאַ־כאַ...“

ער האָט געלאַכט מיט ביטערניש, מיט גאַל. „כאַ־כאַ־כאַ, מאָלסט נישט?״ וועט זי מיך פרעגן. אָ, דער ווייסער זעגל, ווען ער קומט־צו צום ברעג וואָלט איך אים צעריסן, צעשליסן אויף פיץ־פּיצלעך! וואָס האָב איך דען צום זעגל? פאַרוואָס פלאָנטערט זיך מיר אַ זעגל־שיפל? בין איך שיכור? ניין, נישט שיכור'... נישט שיכור... דאָרט, אין אַ שטוב וואַרט אויף מיר די ווייסע לייוונט אין דער רעם... אַלץ איז גרייט... דער פאַרבן־געמיש, די פּענדזלען... נאָר איך בין אָנמעכטיק. איך בין אויסגעלאָשן... נישט אויסגעלאָשן... איך בין ווי אַן אונטערגעשניטענער שטאַם וואָס די וואַסערן שליידערן אַרויס פון די ברעגן. ער וועט מער נישט עפענען קיין גרינע קנאָספּן... די וועלן שווימען פאַרביי און דער שטאַם געהערט נישט צו קיינעם — נישט צום אומרואיקן ים און נישט צו דער גוטער ערד... כאַ־כאַ־כאַ... איך בין נישט שיכור... נישט שיכור... דאָס לעבן גייט לעבן מיר פאַרביי... עמעצער האָט געמאַכט אַ קליינעם נישטיק־נאַרישן קרייז און באַפוילן: דו וועסט זיך נאָר אין דעם קרייז באַוועגן! דאָס זענען דיינע גרענעצן! טאָרסט זיי נישט אַריבערשפּאַנען! דער קרייז איז גרויס ווי דער געגנעץ פון לאַנגווייל. ער פירט פון שטוב צום געסל מיט די צוויי־דריי קרעמלעך, צו דער אַלייע מיט די פאַרשטויבטע פּיקוס־ביימער און צוריק. דאָרט וואַרט דאָס ווייב. „נאַכי, מאָלסט נישט?״ כאַ־כאַ־כאַ... היינט האָב איך אויפגעריסן דעם קרייז וואָס מען האָט געמאַכט אַרום מיין לעבן. אויפגעבראָכן אים, אַז עס זאָלן אַריין די ריינע און די אומרייניגע שטראָמען! זאָל עפּעס געשען! עפּעס מוז געשען! כאַ־כאַ־כאַ...

...קריפּל, וואָס שווייגסטו מיט דיינע מעשענע טאַצן?

זעץ מיט זיי אַז די שטילקייט זאָל צעשפּענט ווערן ווי דער אַלטער בוים פון בייזע דונערן!

באַלד וועל איך צערייסן מיין ווייסן זעגל וואָס איז געבליבן ערגעץ אויף מיין טויטן, אויסגעלאָשענעם פאַרגליווערטן ים... כאַ־כאַ־כאַ...

ער האָט אַ בייזן זעץ געטאָן אין זיין טיר.

— עפן! העי, עפן! וואָס לאָזסטו מיך אַזוי לאַנג וואַרטן?

דאָס דערשראָקענע ווייב איז געשטאַנען אין דער האַלב־געעפנטער טיר. זי האָט פאַרבראָכן די הענט.

— וואָס איז מיט דיר געשען? נאַכי...

ער איז געשטאַנען אין דער טיר אַ וואַקלדיקער און געקוקט אויף איר מיט דעם בליק פון אַ פרעמדן.

— גאָט, ווי דו זעסט אויס! — האָט זי אויסגערופן.

נחום האָט זיך פּלוצים צעלאַכט מיט אַ פאַרהוילן הייזעריקן געלעכטער.

ראָס איז דאָך סאַלימאַס געלעכטער האָט ער געטראַכט און עס איז אים גע־וואָרן אומהיימלעך.

— איך בין געפאַלן... אַביסל צעקלאַפּט זיך... געפאַלן ביים דורכגיין די גאַס... אַ שטויס פון אַן אויטאָ... אַזאַ ווילד פאָרן... איצט איז מיר גוט... עך, דאָס ווייסע זעגל... עס האָט מיך אַזוי גערופן... געלאָקט...

— איך פאַרשטיי דיך נישט. וואָס רעדסטו? פיבערסטו דען?

און אַז זי איז צוגעקומען נענטער צו אים, האָט זי דערפילט דעם ריח פון בראָנפן.

עס איז פינצטער געוואָרן. זי זיצט אויפן ראַנד פון בעט און וויינט. פון דער גאַס פאַלט דאָס געלע וויגנדיקע ליכט פון לאַמטערן.

אין דעם אָרעמען לאַמטערן־ליכט האָט ער דערזען די לייוונט. דער הענג־לאָמפּ שאָטנט אויפן לייוונט ווי אַ פּעטליע. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און גייט אַ באָרוועסער אויף די פינגער־שפּיצן צום מאָלברעט.

אַלע פאַרבן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין פאַרב.

נחום האָט אויסגעדרייט די רעם מיט דער לייוונטענער ווייסקייט צו דער פינצטערער וואַנט. עס ווילט זיך אים וויינען פון טרויער און אָנמאַכט.

צומאָרגנס.

ער פיבערט. אָט איז דאָס זעגל אַריין אין האַפן... דער קריפּל אין שוואַרצן צילינדער קלאַפּט אין די מעשענע טאַצן... אָ, גאָט, דאָס זענען דאָך צוויי זור־נען!... די יונגע פרוי אין שוואַרצן ביי די גרין־מאָכיקע ים־שטיינער... דער ריז מיטן פלאַטשיקן פּנים... סאַלימאַ, דו פרעכע, דו חוצפּהדיקע, דו, וואָס האָסט אויפגעבראָכן דעם נאַרישן קרייז וואָס עמעצער האָט פאַרשלאָסן אַרום מיר! ווו ביסטו יעצט? קום! ווערסט זיך דערקענען אויף מיין לייוונט!...

די טיר עפנט זיך פּאַמעלעך און אין דער האַלב־אָפענער טיר שטייט זיין פרוי:

— נאָכי, דו מאָלסט נישט? ביסט מיד — — — —

ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ פיבערדיק־קראַנק געלעכטערל. און אַז די טיר האָט זיך צוגעמאַכט, האָט ער געשעפּטשעט צו זיך אַליין:

— סאַלימאַ, לאָמיר ביידע וואַרטן אויף דעם ווייסן זעגל וואָס וועט אפשר קיינמאָל נישט דערשווימען צום ברעג...

נישט ווייט פון די הרי־יהודה שטייט מיין הויז. ווען די זון פֿאַרגייט דערגייען די שאָטנס פון די יהודה־בערג ביז מיין שוועל. דאָס דויערט נאָר געציילטע רגעס. וואַנדערנדיקע שאָטנס נידערן איבער די טרויעריקע אָוונט־פעלדער, זיי ציִען זיך ביזן אויסגעטריקנטן וואַדי און דאָרט רייסן זיך אָפּ שטיקער שאָטנס און שוועבן אַוועק צום ים.

אין די אָוונט־שעהן האָב איך ליב צו זיצן אין קליינעם הויף מיטן פּנים צום וואַדי. איך זע די שורה ציפּרעסן לעבן דעם ראַנד פון אַן אָפּשטאַרבנדיקן פּרדס. דערנעבן קנוילן זיך די גרין־זילבערנע קוסטעס, געדיכט פֿאַרפּלאָנטער־טע מיט וויקל־ריטלעך, דערנאָך שפּרייטן זיך די נאַקעטע פעלדער פול מיט פֿאַראַיאָריקע דערנער; אויסגעלאָשענע, צעבראָכענע פון די ווינטן, צעטראָ־טענע פון די האָדרעס שאַקאַלן וואָס לויפן דאָ דורך אין די נעכט. ערגעץ, אין די טויטע דאָרן־שטערן, דאָרט ווו עס איז פֿאַראַיאָרן געוואַקסן אַ וווּנדערלעך־שיינע דאָרנבלום מיט די פֿאַרבן פון רעגנבויגן און פון בלומען־בעכער האָט אַרויסגעליכטיקט אַ יונגע זון — אין די דאָרן־שטערן האָבן זיך באַזעצט פּערל־מוטערנע שנעקעס. זיי שימערן אין זונפֿאַרגאַנג ווי די טויטע אויגן־ווייסלען פון שאָף.

עס ווערט טונקל. דער אָוונט הייבט זיך אָן ביים סיקאָמאָר־בוים. אַז איך קוק פון מיין הויף אויף זיינע גרויסע געדיכטע צווייגן, פֿאַרשטעלן זיי מיר די ווייטע פעלדער, די קליינע ווייסע הייזער מיטן וואַסער־טורעם. אין דער נאַכט ווערט דער סיקאָמאָר נאָך מעכטיקער.

עס איז שוין צייט צו צינדן די לאָמפּ. דער ערשטער שאַקאַל האָט זיך אָפּגערופן. אַזאַ נעבעכדיקער געוויין צו דער בלייכער האַלבער לבנה.

אפשר וויינט ער וואָס די לבנה קען זיך נישט אַרויספּלאָנטערן פון די סיקאָמאָר־צווייגן?

דאָס זענען מיינע טרויעריקסטע שעהן פון טאָג. איך האָב ליב אָוועקצו־לייגן זיך אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע און קוקן צום סופיט. איך ליג אויף דעם טעפּעך וואָס דער אַלטער עזריה האָט מיר געבראַכט. דאָס איז אַ טעפּעך געפלאָכטן פון טרוקענע פּאַלמע־בלעטער. די נאַפּט־לאָמפּ מאַכט אַ גרויסן ליכטיקן ראָד אויפן סופיט. איך וואַרט אויף עפּעס. אין דעם באַלויכטענעם

ראַד וועט זיך באַווייזן די קליינע גרויע, באַוועגלעכע שטוב־יאַשטשערקע און לויערן אויף די ליכט־פּלאַטערלעך וואָס קומען צום ליכט־ראַד זי וועט זיי פֿאַנגען און דערנאָך ווידער לויערן. די פּלאַטערלעך קרייזן אַרום דער פּאַר־טייעטער שטוב־יאַשטשערקע ווי זיי וואָלטן זיך מיט איר געשפּילט, נאָר איך וועל אויפגעצאַפּלט פון יעדן שפּרונג אירן. אַזוי גייען די שעהן. איך בין מיד, איינזאַם און טרויעריק. די מידקייט איז פון דער אַרבעט אין מיין גאָרטן, די איינזאַמקייט איז דערפאַר וואָס איך האָב איר אַליין אויף זיך אַרויפגעצוווּנ־גען. עס איז דאָך געוווּנג געוועזן צו מאַכן איין טריט צו איר, מיט דער ציטערנ־דיקער האַנט באַרירן איר אָרעם. מיט די אויגן האָב איך געבעטן ביי איר גע־נאָד און מיטלייד. זי האָט אָבער מיינע אויגן נישט געזען. אַנשטאָט דעם האָב איך זיך האַסטיק אויסגעדרייט מיטן רוקן צו איר, און איך בין אַוועק. אַזוי בין איך דערגאַנגען צום קליינעם הויז ווו עס דערגרייכן אין פאַרגאַנג די שאָטנס פון די יהודה־בערג.

פון וואַנען קומט מיין טרויער? אַז איך זע מיין פּנים אין ברונעם־שפּיגל האָב איך מיטלייד מיט זיך. איז דאָס דער טרויער פון די פעלדער, פון די ציפּרעסן, פון די דערנער, פון דעם סיקאָמאָר?

און אפשר איז דאָס בכלל נישט קיין טרויער? איך בין איצט אַליין, נאָר מיט זיך. איך דאַרף נישט צו קיינעם שמייכלען, איך דאַרף נישט אויפצווינ־גען אויף זיך העפלעכקייט, איך וועל נישט אָנגעשטעקט פון יענעמס פרייד. איך האָב מיין אייגן פּנים, אַזאַ ווי עס האָט עס די לאַנדשאַפט אַרום מיר. איך בין אַזוי ווי דאָס פעלד, ווי דער ציפּרעס, ווי דער באַרג־שטיין. און דאָך איז דאָס טרויער, דער אייביקער טרויער פון באַשאַף. איך האָב לאַנג גע־טראַכט וועגן גורל פון די צעריסענע באַרג־שאָטנס וואָס וועלן דערשווימען צום ים און דאָרט וועלן זיי זיך באַהעפטן מיט שוימיקע וועלן. הייסט דאָס אַז עס איז דאָ אַ פאַרבינדונג צווישן באַרגיקן פעלדז מיט דער ליכטיקער אויפצאַפּלדיקער ים־כוואַליע. אָט־אָ דער אָונטיקער שאָטן פאַרבינדט זיי.

די כוואַליעס טראָגן אַוועק די קופּערנע פרייד פון געשמידטע פעלדזן. און איין כוואַליע גיט איבער דער אַנדערער דעם סוד פון די דרימלענדיקע בערג און אַלע טיילן פון גאָטס באַשאַף וועלן באַהאַפטן מיט זיך.

אָ, גאָט, בין איך דען אַן אויסנאַם אין דיין וועלט? ווער וועט מיין אָפּ־שאָטן אַוועקטראָגן און אים מיט עפּעס באַהעפטן?

איצט איז מיר גוט. דאָס ליכט־ראָד אויפן סופיט ווערט קלענער און קלענער. די פלאַטערלעך זענען שוין מיד פון דער שפּיל מיטן ליכט און מיט דער קליינער שטיפערישער שטוב־יאַשטשערקע. די לאָמפּ פאַרגייט. אפשר וואַנדערט איצט מיין שאָטן ערגעץ אַרום אויף אַלט־באַקאַנטע וועגן?

איך היל זיך אין פלעד. דער נאַכט־פויגל פאַרוויגט מיך. דינע פעדעם וויקלען זיך, פלעכטן זיך צוזאַמען אין אַ בלאָען געוועב. דאָס געוועב ווערט געדיכטער. די בלאָקייט פאַרוויגט מיך. גוט איז צו וויגן זיך אין אַ חלל. איך בין דאָ און נישטאָ. אַלע ווייטיקן טרעטן אָפּ. איך בין נישט געבונדן צו דער ערד און דאָך פיל איך איר ריח און וואַקס־מיט מיט יעדן פלאַנץ.

פאַרטאָג. דאָס וואַסער פון ברונעם איז קאַלט. איך שוידער. דער דאָזיקער פאַרטאָגיקער געצאַפל האָט מיך וואַך געמאַכט. איך פיל די יונגע פאַרטאָגיקע ערד אונטער מיינע פיס. איך האָב ליב דעם פאַרטאָג ווען עס שפּראָצט קוים דאָס ליכט. דאָס איז די שענסטע צייט פון טאָג. טייל מענטשן האָבן ליב דעם פאַרגאַנג, טייל די אָוונט־שעהן, טייל דעם מיטנטאָג. איך האָב ליב די טאָג־שפּראָצונג, איידער עס באַווייזט זיך נאָך די זון. דעמאָלט איז דער טאָג אַזוי יונג ווי דער גרין־פאָספאָרדיקער אַרויסשפּראָץ פון אַ קנאָספּ. איך האָב ליב די ערב־באַשאַפונג פון טאָג. די ערשטע ליכט־וויברירונגען אויף די וואָלקן־ראַנדן.

עס ליכטיקט. איך קען שוין אונטערשיידן די פלאַנצן פון ווילדגראָז. דאָס איז די בעסטע צייט צו אַרבעטן אין פעלד. די ערד איז גוט צו מיר אין די פאַרטאָגן. מיין רידל קלינגט־אָפּ אין אַן אונטערערדישן שטיין. איך האָב ליב דעם דאָזיקן שטאָל־געקלאַנג אין די פרימאָרגנס.

אין איינעם אַזאַ פאַרטאָג בין איך געבליבן שטיין אַ פאַרחידושטער. ביי די פלאַנצן, לעבן מיין בייט האָט זיך דערהויבן אַ פרעמדער קוסט. פאַרוואָס האָב איך אים ביז איצט נישט באַמערקט? פון וואַנען קומט ער אַהער?

איך האָב זיך אַראָפּגעזעצט אויף די קני און באַרירט די בלעטלעך, געקוקט אויף די קליינע ראָזע בלימלעך. עפּעס אַזאַ באַקאַנטער און גלייכצייטיק אומבאַקאַנטער פלאַנץ. איך האָב פאָרגעזעצט מיין אַרבעט אין קליינעם פרדס און מער נישט געטראַכט וועגן דער אויסטערלישער פלאַנץ. זאָל ער וואַקסן! אפשר, אַז די בלימלעך זיינע וועלן זיך עפענען וועל איך קענען אונטערשיידן צו וועלכן מין ער געהערט.

ביינאַכט, אַז איך בין געלעגן אויף עזריהס פאַלמע־טעפּעך, איז מיר עפּעס קלאָר געוואָרן: דער דאָזיקער פרעמדער פלאַנץ געהערט צום זעלבן מין פלאַנצן פון מיין בייט. דאָס איז דער אור־פלאַנץ. אַזוי האָט ער אויסגעזען אין זיין ווילדקייט ווען ער איז פריי געוואַקסן אין די פעלדער. עס טרעפט, אַז נאָך די הונדערטער פלאַנצן־דורות קולטיווירטע זריעה־קערנער, אַנטפּלעקט זיך אין איין קערנדל צוריק דאָס אור־פנים. און אַז איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צו די געשניצטע בלעטלעך, צו די דאָרנדיקע צווייגלעך — האָב איך לייכט דערקענט, אַז דאָס איז דער זעלבער מין וואָס די קולטיוויר־

טע פלאַנצן. איין אונטערשיד איז נאָר געווען — די ווילדע אור־בלימלעך האָבן אַרויסגעגעבן אין די פאַרטאָגנס און פאַרנאַכטן אַ ווונדערלעכן ריח, אַזאַ רויען שאַרף־פאַרוויגנדיקן דופט וואָס האָט וואַך־געמאַכט מיינע שלייפן. און אַז איך האָב זיך געהילט אין מיין פּלעד האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דער קליינער צימער איז פול מיט דעם אומבאַקאַנטן געוויקסן־ריח.

די דאָזיקע קליינע אַנטדעקונג איז פאַר מיר געווען ווי אַ געוואָרפענע בריק צווישן ווילדע פליינען און דעם גאָרטן מיינעם. ווען איך האָב געקוקט אויף די גרויסע שיינע גאָרטן־פלאַנצן האָט זיך מיר געדוכט, אַז זיי זענען פול מיט בענקשאַפט צו יענער אורצייט זייערער, ווען זיי זענען פאַרווילדעטע פרי געוואַקסן אין סטעפּ. דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער ווילדפלאַנץ איז מיר נאָענט און אייגן געוואָרן און מיט ליבשאַפט האָב איך באַרירט די קליינע, אָרעמע בלעטלעך זיינע.

איך האָב שוין לאַנג נישט געזען דעם אַלטן עזריה. ער וועט אוודאי קומען ווען עס וועלן צייטיק ווערן די סיקאַמאָר־פּירות.

עטלעכע מאָל אין יאָר טרייסלט פון זיך דער סיקאַמאָר זיין פּרוכט. זיי זענען ענלעך צו די פייגן: אָנגעגאָסענע פּירות מיט אַ זיסן האָניק, נאָר פיל קלענער. זיי האָבן אַ דורכזיכטיק בורשטינענע הויט. שטענדיק ווען איך זע אַזאַ פּרי ווילט זיך מיר אייננבייסן איר מיט די ציין און איידער איך באַריר איר, פיל איך שוין דעם האָניק־זאַפט. ווען איך דערנענטער זיך צום בוים ווער איך תמיד געזעטיקט פון דעם פאַרוויגנדיקן קילן גערויש פון זיינע שווערע פאַרשאָטנטע צווייגן, פון דעם האָניק מיט וועלכן עס איז פול דאָ די לופט און מיין דורשט ווערט געשטילט פון די פליסיקע ברוינלעכע שאָטנס. דעמאָלט הייב איך אויף מיין מידן קאָפּ צו די צווייגן פון סיקאַמאָר — אַזעל־כע מאַכיקע שטאַמען פון אוראַלטן זילבער וואָס די צייט האָט איר פאַרדעקט מיט מאָך און שוואָמען, מיט געוויקסן־שטויב. זיין קרוין איז מעכטיק. נישט דער שאַרפער באַרג־ווינט וועט אים צעוויגן, נישט דער וויסטער געפייף פון ים־שטורעם מיט זיין זאַלץ־טעם וועט דעם סיקאַמאָר צעשויבערן, אַפילו די בלינדע גרין־בלאָלעכע נעפּלען וועלן נישט אין די פאַרטאָגן אָפּמעקן דעם סיקאַמאָרס מעכטיקער קרוין — פון די נעפּלען טונקלט אַרויס, אויף מיילן ווייט, דער אַלטער סיקאַמאָר.

די חאַמסין־זון קען נאָר באַרירן די קרוין־ראַנדן מיט זיין פייער. די שאָטנס וואָס וויקלען זיך אַרויף פון דעם סיקאַמאָר־שטאַם, אָטאָ די קילע גע־זעטיקטע האָניק־שאָטנס געבן אָוועק אין די חאַמסינען די גאַנצע קילקייט זייערע צו די טרויעריקע קרוין־ראַנדן פון בוים.

איך האָב ליב צו שטיין אין שאָטן פון סיקאָמאָר, איידער עס ווערן רייף זיינע פּירות. דעמאָלט איז אַפילו די לופט דאָ פול מיט דערוואַרטונג — די דערוואַרטונג נאָך האָניק וואָס וועט טריפן פון די פרוכט. די פייגל קומען אין יענע טעג זעלטן צום בוים, און אויב עס באַווייזט זיך אַ פויגל היפּט ער פון צווייג אויף צווייג און עס שיט זיך דער זילבערנער שטויב פון די מאָכיקע שטאַמען.

תמיד ווען איך שטיי אין סיקאָמאָרס שאָטן בין איך פול מיט אַזאַ פאַר־וויגנדיקער דערוואַרטונג.

טיילמאָל מיין איך, אַז עס וועלן דאָ פאַרבייגיין די קעמל־קאַראַוואַנען און מיינע אויערן באַנעמען שוין דעם זילבערנעם גלעקל־געקלאַנג. אָפּטמאָל הער איך די טריט פון אַ הירשין, און עס דאַכט זיך מיר, אַז פון די קוסטעס אַרויס האָבן זיך באַוויזן די ליכטנדיקע הירשן־הערנער. איך האַלט איין דעם אָטעם און קוק אַ פאַרגאַפטער: עס גייט מיר אַנטקעגן די וווּנדערלעכע טאָכ־טער פון דעם שייך וואָס וווינט אויף יענער זייט פון די יהודה־בערג. זי איז געהילט אין זייד. איין אַקסל אירער איז אָפּגעדעקט. איך זע איר לאַנגן אָרעם. זי טראָגט אַ קרוג. איך שפּיר די קילקייט פון פאַרבאָרגענע קוואַלן. זי גייט און גייט, כאָטש דער וועג צווישן מיר און איר איז אַזאַ קורצער איז זי נאָך אַלץ נישט דערגאַנגען צו מיר. וויפל צייט דאַרף נעמען דאָס גיין פון די נעפּל־קוסטעס ביזן סיקאָמאָר? פאַרוואָס דויערט עס אַזוי לאַנג? זאָל איך איר אַנטקעגן גיין?

כ׳האָב אָנגעשפּאַרט מיין הייסן קאָפּ אָן דעם שטאַם פון אַלטן בוים. איך בין איצט פאַרקנופּט מיט די טיפסטע ערדקוואַלן און מיט די הויכע הימלען.

די וואָרצלען און די העכסטע צווייגן גיבן מיר אָוועק זייערע ניגונים. אַלע זייערע זאַפטן רינען איצט דורך מיינע אָדערן.

די פינצטערניש פון דער ערד און דאָס ליכט פון גאָטס וועלט קרייצן זיך אין מיר, מישן זיך אויס מיט מיין בלוט.

מיינע הענט באַרירן דעם שטאַם. איך וויל צובייגן זיך בענטער און נענ־טער צו דער ערד. אפשר וועל איך דערקענען די שפּורן פון דורות. האָבן דען נישט די אַלערליי וואַנדערער איבערגעלאָזט דאָ זייערע צייכנס? און אַז איך וועל אַוועק וועט דאָך אויך בלייבן נאָך מיר אַ סימן! מען וועט דעם סימן דערקענען אין געריש פון די בלעטער, אָן די שאָטנס.

אַלט זענען די סיקאָמאָרן. הונדערטער יאָרן שטייען זיי איינזאַמעביים ראַנד פון די קעמלוועגן, געדולדיקע, שטאָלצע אין דער וויסטעניש פון דעם טרויעריקן פלאַכלאַנד.

אין זייערע וואָרצלען איז פאַרוועבט דער סוד פון דער ערד און אין די צווייגן דער אומעט פון די הימלען.

אַנטפּלעק פאַר מיר, אָ, דו מעכטיקער סיקאַמאָר דעם ניגון וואָס דו האָסט געהערט פון די מידע וואַנדערער!

גיב מיר צוריק דעם אָפּקלאַנג פון יענער אוראַלטער פרייד! ווייז מיר די שפּורן פון דער באַרוועסער וואָס איז דורך דאַנען געגאַנגען מיט איר קרוג צום קוואַל. ווו איז איצט דער קוואַל? ער איז דאָך דאָ! איך הער דאָך אין האַלב־שלאָף זיין געפּליעך. איך פיל דאָך זיין קילקייט! ער איז דאָך דאָ, ערגעץ נישט ווייט פון דאַנען! ער איז פאַרשאָטן געוואָרן פון די בייזע זאַמד־ווינטן. ווו איז ער? איך וועל אויף די קני פאַלן און מיט מיינע הענט אַראָפּשליידערן די שטיינער, דאָס זאַמד.

עס איז גוט צו זיצן אין שאָטן פון סיקאַמאָר ערב די צייטיקונג פון זיינע פירות.

נאָך אַ וואָך, נאָך צוויי וואָכן און עס וועלן זיך אָנהייבן שיטן די רייפע שיקמה־פייגן. דעמאָלט וועלן אַ גאַנצן טאָג דאָ זשומען בינען און קופּערנע פליגן. דעמאָלט וועלן קומען די טשאַטעס גרויע פייגל און אויפרייסן די אייי־דעלע בורשטין־הויט פון די פירות. אַ שטויב פון די זילבער־צווייגן וועט זיך שיטן אין בלאַלעך־שאָטנדיקן ליכט און אַלץ אַרום בוים וועט פאַרוויגט ווערן פון אַ זיסלעכן ווייך־טשאַד.

אין די דאָזיקע טעג וועט זיך באַווייזן מיין פריינד עזריה. אין אַ פאַרטאָג וועט ער אַ קלאַפּ־טאָן מיט זיין שטעקן אין שטיינערנעם פלויט.

— שלום... האָ־האָ... שלום!

איך וועל אַרויסלויפן פון שטוב אַ צעכראַסטעטער, אַ פאַרשלאָפענער און שמייכלען צום זקן.

— שלום, עזריה... איך האָב דיך שוין לאַנג נישט געזען. זעט אויס אַז די פרוכט צייטיקט שוין.

— שוין דער צווייטער אָפּשיט ביים סיקאַמאָר דעם זומער... גאָטס זינד צו לאָזן די פירות אויפן רויב פון די פייגל און בינען. זיי זענען שוין איבער־געזעטיקט געוואָרן, די פייגל...

ער האָט צוגעשלאָסן די קליינע אויגן. דאָס גאַנצע פּנים זיינס איז איצט פאַרלאָפן געוואָרן מיט קנייטשן. אַז איך האָב זיך גוט איינגעקוקט אין זיינע אויגן־אויסהוילעכישן האָב איך דאָרט געזען צוויי בלאָע שטריכן. ער האָט געלאַכט צו מיר מיט אַלע קנייטשן פון זיין פּנים.

— זיי פּיקן אויף די שענסטע פירות, נעמען דעם האָניק און שפּרינגען צו אַן אַנדערן צווייג... טייל מאָל איז גענוג פאַר די פייגל בלויז דאָס אויפ־רייסן די איידעלע הויט... דאָס טוען זיי מיט פייגלשער עקשנות, פון זאַט־

קייט און לאַנגווייל... זיי שאַרפן די שנאָבלען... האַ־האַ, אַזוי איז אויך מיט מענטשן... זיי האָבן פרייד פון צעשטערונג... אַלץ וואָס מיר האָבן ליב צע־שטערן מיר...

— ביסט דאָרשטיק, עזריה?

ער האָט אָנגעוויזן מיט זיין שטעקן צום סיקאָמאָר.

— די פירות שטילן מ׳יין דאָרשט, זיי לייטערן דאָס בלוט און די מיד־קייט טרעט אָפּ...

איך האָב אים לאַנג נאָכגעקוקט. די קליידער זיינע זענען געניית פון גרויען לייוונט. דער שטעקן זעט אויס ווי פון העלפאַנט־ביין, אַזאַ אויסגע־קרומטער שטעקן פון אַ פאַלמע־צווייג. איך ווייס אַז ער קומט פון קליינעם הויז נישט ווייט פון דאַנען. ער וועט אָנקלויבן אַ טאָרבע סיקאָמאָר־פייגן, אָפּרוען זיך ביים שטאָם און דערנאָך וועט ער צוריקגיין אַהיים. דאָס וועט זיין אַרום מיטאָג־צייט. זיינע קינדער האָבן ליב דעם קילן געטראַנק וואָס ער מאַכט פון די פירות...

איין מאָל האָט ער מיר געבראַכט אין אַ קרוג סיקאָמאָר־וויין.

— טרינק. וועסט געלייטערט ווערן. דיין שלאָף וועט זיין אַ שטאַרקער און אַז וועסט חלומען וועלן דאָס זיין חלומות פון בת־מלכהס וואָס גייען אויף מירמלנע טרעפּ. דיינע אויגן וועלן ליכטיק ווערן ווי די הימלען. טרינק דעם שיקמה־וויין, טרינק, דו גוטער יונגער מענטש...

אין אַ פאַרטאָג בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון מיין געלעגער און אַרויס אין הויף. די נאַכט איז געווען אַ חאַמסיניקע, דער פאַרטאָג אַ קילער. אַז כ׳האָב אויפגעהויבן די אויגן צו די יהודה־בערג זענען זיי געווען אַזוי נאָענט, ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. עס איז גראָד געווען די שעה ווען די טוי־נעפּלען טיילן זיך אָפּ פון די בערג. אַזאַ געזעטיקטע קילע באַרג־ווייט. איך זע די קלענסטע באַרג־פאַלדן. איך זע די שטעגלעך, איך זע די שאָטנס פון די פעלדזן. ווי קיל עס איז איצט אַרום מיינע אויגן. איך האָב אָנגעהויבן צו גיין אַנטקעגן די בערג. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו מ׳יר מיט יעדן טריט וואָס איך האָב געמאַכט.

עס איז גוט צו גיין אין די קילע פאַרטאָגן דורך די פעלדער, דורך די זאַמד־אַנשיטן, גיין מיט די אַלטע וועגן, אויסמיידן די דערנער, באַגעגענען די פרימאָרגן־פייגל וואָס טרינקען דעם נאַכט־טוי פון די האַלב־פאַרוויקלטע בלעטער.

ווען איך בין דערגאַנגען צו די הרי־יהודה איז די זון שוין געשטאַנען הויך אין הימל.

לאַנגע שעהן האָב איך אַרומגעוואַנדערט צווישן די בערג־שטיינער, גע־שלענגלט זיך מיט די אַלערליי וואָדי־אָדערן, געזוכט די אוראַלטע שטעגלעך און געוואָלט וויסן ווהין זיי וועלן מיך דערפירן.

טייל מאָל בין איך געבליבן שטיין אַנטקעגן גרויסע שטיינער באַצויגענע מיט אַן אויסגעטריקנטן שטיין־שימל און געזוכט אַ ריץ, אַ שפּאַלט וואָס זאָל מיר דערציילן וועגן דער באַרוועסער יונגער פרוי וואָס איז געגאַנגען דורך דאַנען צום קוואַל. אפשר ליגן דאָ די שערבלעך פון איר ליימענער קרוג?

איך האָב געזוכט צווישן די שטיין־שפּליטערס, געקליבן די שאַרפע שטיינדלעך, געגישטערט אין דעם געוויקסן־אַנהויף און נאָר אַנטדעקט מיינע אייגענע טריט.

צוריקוועגס האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער אויסטערלישער פלאַנץ וואָס וואַקסט אין מיין הויף, די פלאַנץ וואָס האָט צוריק באַקומען איר אייגן פּנים.

פאַרוואָס האָב איך נישט דערציילט עזריהן וועגן דעם? אויף דעם וועג אַהיים וועל איך אַריינגיין אין עזריהס הויז. איך וועל שטילן דעם דורשט מיטן שיקמה־געטראַנק.

שטענדיק, אַז איך ווער מיד, באַפאַלן מיך אַלערליי מחשבות: טרויעריקע און אומהיימלעכע, פון וועלכע איך וויל אַנטלויפן און קאָן נישט.

עס וועט קומען אַ טאָג און זי וועט זיך באַווייזן! זי מוז צוריקקומען!

וואָס טוט זי איצט אין דער שטאָט? איך האָב מורא אָנצורופן איר נאָמען. עס איז מיר בעסער, אַז איך רוף נישט אָן איר נאָמען אפילו ווען איך טראַכט וועגן איר. זי באַפאַלט מיך שטענדיק ווען איך בין מיד, ווען עס איז מיר טרויעריק און איך פיל אָפּ די איינזאַמקייט. דעמאָלט דערזע איך אירע גרויסע, אומרואיקע און אומבאַקאַנטע אויגן. כאָטש זי האָט שטענדיק אויף מיר אַן אָפן פּנים איז זי געבליבן פאַר מיר פרעמד און פאַרהוילן. זי איז געווען פאַר מיר דער נאָענטסטער מענטש וואָס איז מיר געבליבן און אין דער נאָענטקייט — אַזוי פרעמד. איצט ברענט מיך די פרעמדקייט אירע. פאַר־וואָס האָט זי מיך געלאָזט אַליין? דו גייסט אויף אַן אַנטדעקטן וועג צווישן צוויי פעלדזן, דו זעסט שפּורן פון טריט, דו ביסט זיכער, אַז דו וועסט ערגעץ אָנקומען, דאָרט וועט זיין ווונדערלעך שיין — און פּלוצעם דערזעסטו אַ טונקעלע שטיינוואַנט מיט קריצן און שפּאַלטן. עמעצער האָט דיך פאַרפירט! אַזאַ געפיל האָב איך געהאַט ווען איך בין דערגאַנגען צו דעם וואָדי. איך האָב געזען די רעדער־אָפּדרוקן פון די פייערוועגענער וואָס זענען דורך דאַנען געלאָפן. איך בין דאָך אין זייערע שפּורן געגאַנגען! ווהין האָב זיי זיך אַהינגעטאָן?

איך זיץ ביי עזריהן אין שטוב. זיין גוט ווייב דערלאַנגט מיר די קרוג

מיטן קילן געטראַנק. מיר זיצן אויפן פּאַלמע־טעפּעך און ריידן. דאָס זענען אָפּגעריסענע רייד וועגן אויסגעטריקנטן וואַדי וואָס ווערט זיך אָנפילן ערשט נאָך די גרויסע רעגנס, וועגן די שטעגלעך אין די בערג. איך דערצייל אים וועגן די פייערוועגענער וואָס זענען דורך זיי געלאָפן ביז דער שטיינערנער וואַנט. ער לאַכט מיט דעם שטערן, מיט די פּאַרמעט־קנייטשן און ווייזט מיר געלע ציין.

— דאָס זענען די פּאַרפּירערישע וועגן וואָס דער באַרג־שד האָט זיי אין פּעלדזן אויסגעהאַקט, און דו האָסט געמיינט, אַז דאָס זענען דונערן פון די הימלען... זיי זענען צו פאַרנאַרן דעם זינדיקן. נישט נאָר אין די בערג זענען דאָ אַזעלכע וועגן, זיי זענען אויך דאָ אין לעבן... ביסטו קיינמאָל אויף אַזעל־כע פאַלש־וועגן נישט געגאַנגען?... גיב אַ טראַכט, גוטער מענטש, שטייסטו איצט נישט לעבן אַ שטיין־וואַנט?...

עזריה לאַכט צו מיר מיט אַ פאַטערלעכן שפּאַט־געלעכטערל.

עס איז מיר גוט צו זיצן מיטן אַלטן סיקאַמאָר־קלייבער און פילן אין די הענט די קילקייט פון דער ליימענער קרוג.

איך האָב געשטילט דעם הונגער מיט אַ קאָרענער פּיתה און פון ביס צו ביס האָב איך גערעדט וועגן פּלאַנץ און וועגן דעם ווי אַזוי איך האָב געזוכט צווישן די שטיין־שפּליטערס און גאָרנישט געפונען.

—אַלץ איז דאָך אַזוי אויבן־אויף... אָט האָט פאַטימאַ אַ קרוג געבראַכט פון די בערג־הײלן. איך האָב אויך נישט איינמאָל געזען אַלטע שטיינטעפּ...

— פאַטימאַ? — האָב איך איבערגעפרעגט.

אפשר איז דאָס די באַרוועסע גייערין וואָס איך האָב געזען אין מיין מידן דרימל, צווישן חלום און וואַכיקייט?

אויב פּלאַנצן קענען ווידער אָננעמען דעם אוראַלטן אויסזען ווען זייערע וואָרצלען האָבן נאָך געצויגן די זאַפטן פון די אומבאַקאַנטע פעלדער, קען דאָך פאַטימאַ זיין אָט יענע וואונדערלעכע מיידל וואָס האָט אַנטפלעקט פאַר מיר איר נאַקעטן אַקסל?

— פאַטימאַ, רופט מען איר? פאַטימאַ?...

איך וואָלט געשוואָרן, אַז יענע, וואָס האָט געשעפּט פון קוואַל וואַסער, האָט אויך געהייסן פאַטימאַ. און אפשר קאָן מיך די פאַטימאַ דערפירן צום פאַרשאָטענעם קוואַל אונטער די סטעפּ־זאַמדן? יאָ, זי קען דעם וועג! איך בין אין דעם זיכער. עס ווייס דאָך דעם סוד פון בליִען דער ווידערגעבוירענער קוסט. איך פיל דאָס אין דעם פאַרכישופטן רויען ריח זיינעם וואָס גיט מיר נישט קיין רו.

— פאַטימאַ רופט מען איר?

דער אַלטער שמייכלט צו מיר. דאָס איז שוין נישט דער שמייכל פון אַ פרעמדן זקן. דאָס איז דער שמייכל פון אַ מענטש וואָס האָט אַנטפּלעקט אַלע דיינע סודות און דורך דער אַנטפּלעקונג ווערט ער דיר פּלוצעם נאָענט און אייגן.

— זי ווינט נישט ווייט פון דאַנען...

— אַזוי גאָר? נישט ווייט פון דאַנען? — חזר איך איבער מיט חידוש זיינע ווערטער. — פאַרוואָס האָב איך איר ביז איצט נישט געזען אויף מיין זאַמד־וועגל?

ער האָט דערקענט אין מיינע אויגן דאָס שטומע געבעט. דאָס וואָס עס האָבן נישט געזאָגט מיינע לעפּצן האָבן געמאָנט מיינע אויגן. זענען דאָס פייערלעך פון שיקמה־ווייַן אָדער פון דעם נאַקעטן אַקסל פון דעם מיידל מיט דער קרוג? ווען האָב איך געזען דאָס דאַזיקע באַרג־מיידל?

איך קען שוין נישט אָפּטיילן דעם חלום פון וואָר. אויף דעם ראַנד פון חלום און דרימלדיקער מידקייט מיינער זע איך לויפן אַ הירשין און מיט די קופּער־הערנער אירע ברעכט זי די צווייגן... — פאַטימאַ... — שעפּטשע איך — פאַטימאַ...

עס איז שוין נאַכט.

דאָס קילע ים־ווינטל מאַכט מיך וואַך. איך שטיי ביים קליינעם פאַרקראַ־טעוועטן פענצטערל מיט פאַרביילטע פויסטן.

זי וועט קומען אין אַ נאָכמיטאָג געקליידט אין טונקעלן. איך וועל אַ רגע איר אָנקוקן מיט שטאָלץ, דערנאָך מיט כעס און פאַרדראָס. דיינע אויגן זענען גרויס און גרין. דאָס איז די גרינקייט פון פאַרפראָרענע זומפּן. אַ געמיש פון אייז און זומפּ־שליים. אַז איך וועל דורכברעכן דעם אייזפּאַנצער וועל איך פאַרזונקען אין אַ תהום. — לאָז מיך אַליין — וועל איך אויסשרייען און אויסדרייען זיך צו איר מיטן רוקן. ערשט ווען זי וועט אַוועק וועל איך דער־פילן דעם ריח פון אירע פּערפומען, דעמאָלט וועל איך פאַר רציחה אויפרייסן די פענצטער, די טיר און לויפן ביזן סיקאַמאָר.

די אור־פּלאַנץ איז וואַך. אין דער פינצטערניש דערנענטער איך זיך צו איר און ריר אָן די צווייגלעך, די בלעטער. אין טעם דעם רויען פעלד־ריח. עס מאַכט מיר גוט דאָס גיין אין די נאַכט־שעהן איבער די וועגן. מיך שרעקן נישט די שאָטנס. איך בין אַליין אַ שאָטן צווישן שאָטנס. דאָס איז שוין עזריהס הויז. איך שטיי ביים קליינעם, נידעריקן פענצטערל און קוק אַריין. אויפן טיש צאַנקט אַ נאַפט־לעמפּל. אַלע שלאָפן שוין. איך גיי אַ באַרוועסער איבערן קילן זאַמד צו די שכנותדיקע הייזער. די שאָטנס אַנטלויפן אויף צוריק

נאָר מיין שאָטן גייט פאַר מיר פאָרויס. ווו איז פאַטימאַס שטוב? איך קוק אויף די קליינע שטיבער און לויט די וואָלקנס איבער זיי, פיל איך ווו עס וווינט פאַטימאַ. דאָרט ווו עס האָט זיך פאַרהאַלטן דאָס ליכטיק־זילבערן וואָלקנדל, דאָס פוכיק־העלע — דאָרט, אין דעם הויז, רוט איצט מיין באַרג־מיידל וואָס איך קען איר אַפילו נישט — — —

איך בין געשלאָפן ביז אין האַלבן טאָג אַריין.

אָ, גאָט, וואָס איז מיט מיר? איז דאָך אַלץ אַ חלום? בין איך נעכטן אין דער נאַכט געשטאַנען ביי פרעמדע פענצטער און שווען, אָדער, איך בין געלעגן אין מיין בעט אַ פאַרוועבטער אין מיראַזשן?

דאָס קאַלטע וואַסער וואָס איך שעפּ אַרויס פון ברונעם מאַכט מיך וואַך.

מיין הויף איז פאַרוואָרלאָזט געוואָרן. די פלאַנצן טריקענען. טייל זענען שוין איבערגעוואַקסן און מען דאַרף זיי איבערזעצן אין אַנדערע כלים. איך מוז צושטעלן די יונגע מאַראַנצן־ביימלעך, וואָס איך האָב זיי אַליין געקריצט, פאַר דעם פרדס וואָס מען פלאַנצט נישט וויַיט פון מיין זאַמד־וועג. דעמאָלט וועל איך באַקומען מיין לוין און קענען פאָרן אין שטאָט אַריין. איך וועל זיך מוזן נעמען צו דער אַרבעט. די בייטן זענען באַדעקט מיט אַ האַרטן ערד־פאַנצער. איך וועל אים אויפברעכן מיטן רידל. איצט דאָס באַוואַסערן וואָס פאַרנעמט אַזויפיל צייט.

פאַרוואָס פלאָנטער איך זיך אַרום אין די טעג אַזאַ פאַרלאָשענער און טרויעריקער?

איך האָב גובר געווען מיין מידקייט. די קליינע, ציטערנדיקע פלאַנצן, וואָס איך האָב זיי מיט מיינע הענט דערוועקט צום לעבן און געציילט אויף זיי יעדעס אַרויסגעשפּראָצטע בלעטל, די דאַזיקע ביימלעך האָבן מיר צוריק־געגעבן דאָס וואָס איך האָב זיי געגעבן — די עקשנות צו קלאַמערן זיך אָן לעבן!

עס זענען פאַרגאַנגען טעג.

די גרינקייט פון מיין פלאַנצן־גאָרטן איז באַנייט געוואָרן און עס איז געווען אַ נחת פאַרן אויג. מען איז געקומען צו מיר קויפן יונגע פרוכט־ביימער. איך האָב זיך אַ טרויעריקער געשיידט מיט יעדן ביימל.

איין מאָל האָב איך געפרעגט עזריהן:

— וואָס טוט פאַטימאַ?

ווידער האָב איך דערזען דעם אַלט־באַקאַנטן סודותדיקן שמייכל זיינעם.

— פאַטימאַ? כ'האָב געוווסט, אַז דו וועסט זיך אין איינע פון די טעג פרעגן אויף איר. גוט וואָס דו פרעגסט זיך... זי אַרבעט אין שטאָט... די לעצ־טע טעג זע איך איר אין דער היים...

— אין דער היים? — האָב איך שטיל געפרעגט. — אין דער היים? — און מיר איז נישט קלאָר געווען פאַרוואָס פרייט מיך וואָס פאַטימאַ איז איצט אין דער היים.

— איך האָב פאַר איר אַרבעט, ביי מיינע פלאַנצן־ביימלעך...

כ'האָב אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ און געפילט אַז אַ וואַרעמער ווינט גלעט מיינע שלייפן.

צומאַרגנס איז געשטאַנען פון יענער זייט פלויט אַ קליין שלאַנק מיידל מיט שוואַרץ־צעווינטיקטע האָר. אַז איך האָב אַ קוק־געטאָן אויף איר האָב איך דערזען אירע בלענדיקע אויגן־ווייסלען.

— איך בין פאַטימאַ! — האָט זי גערופן אויף אַ דין קולכל — פאַ־טימאַ בין איך! דער זקן עזריה האָט מיך געשיקט!

אַז זי איז צוגעקומען נאָענט צו דער שוועל האָב איך דערפילט די מיידל־שע קילקייט וואָס האָט זיך געטראָגן פון אירע טונקעלע הענט.

מיר האָבן געגעסן פרישטיק אונטערן ווייַנשטאָק, ביי דער שוועל. זי איז געזעסן אויפן ראַנד פון בענקל און קוים באַרירט די שטיקלעך ברויט מיט אירע לאַנגע פינגער. איך האָב געזען ווי עס בלייכן זיך שיינע פינגער־קנעכ־לעך. זי האָט זיי אָבער גלייך פאַרדעקט מיטן קאַפּטיכל.

— רוק זיך צו נענטער צום טיש, פאַטימאַ.

זי האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און עפּעס געזאָגט. וויפל איך האָב נישט געפּרוווט אַריינקוקן אין איר פּנים האָב איך דאָס נישט געקענט טאָן.

אַ גאַנצן טאָג, בעת דער אַרבעט, האָט זי פאַרגראָבן איר קאָפּ אין די צווייגן און געלויערט אויף מיין יעדן קער. נאָך דעם זון־פאַרגאַנג האָט זי זיך געגרייט אַהיים צו גיין. איך האָב געזען ווי זי באַנעצט די האָר און קעמט זיי מיט אַלע פינגער פון די הענט. דערנאָך האָט פאַטימאַ צעוויקלט אַ טיכל און אַרויסגענומען אַ קרוג.

— אדוני, ווילסטו דאָס? עזריה האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט איין מאָל אַוועק זוכן אַזאַ קרוג. ווילסט איר?

איך האָב גענומען די קרוג פון אירע הענט און נישט ווילנדיק האָבן מיינע פינגער באַרירט אירע פינגער. איך האָב געלאָזט רוען מיין האַנט אויף אירער. איצט האָב איך געקענט קוקן אויף איר פּנים. יאָ, זי איז שיין, פאַטי־מאַ. אַ שטילע פאַרבאָרגענע שיינקייט וואָס נישט יעדן איינעם איז איר באַ־שערט צו דערזען. ערשט דעמאָלט, ווען די דאָזיקע שיינקייט וועט שוין אַנט־פּלעקט ווערן וועלן מענטשן זיך חידושן: איז דאָס מעגלעך געווען אַז מיר האָבן פאַטימאַן נישט באַמערקט?

זי האָט שווער געאָטעמט, גלייך אין מיין פּנים אַריין און איך האָב דער־פילט אין איר אָטעם דעם זעלבן ריח פון דער אור־פלאַנץ אויף מיין בייט.

— ווי שיין עס איז די קרוג! ווי שיין! זע דעם אויסבויג ביים האַלדז! ווי איידל עס זענען געווען די הענט פון טעפּער וואָס האָט די קרוג געקלעפּט!

איך האָב געפירט מיט דער האַנט איבער דער רונדיקייט פון דער קרוג און געדאַכט האָט זיך מיר אַז אַ שיכּרות פון אַלטע ווייַנען פאַרוויגט מיך. די וואַרעמקייט פון פאַטימאַס פינגער האָט זיך איבערגעגעבן דעם אַלטן שטיין פון דער קרוג. דאָס האָט געדויערט געציילטע רגעס.

ווען איך בין צו צום פענצטערל האָב איך שוין געזען פאַטימאַן לויפן איבערן שמאָלן שטעגל. זי האָט געפאָכעט צו מיר מיטן ווייסן טיכל און געררופן:

— אדוני, מאָרגן קום איך מיטן זון־אויפגאַנג!

דאָס לבנה־ליכט באַלייכט מיין חדר.

די אַלטע שטיינערנע קרוג שטייט אויף מיין טיש. איך ליג אויף דעם פּאַלמע־טעפּעך און הער זיך איין אין נאַכטיקן ווינט צווישן די פלעכט־גראָזן. אַז איך גיי צום פענצטערל זע איך ווי עס שויבערן זיך די דינע צווייַגלעך און אויפן ריינעם זאַמד ווימלט אַזאַ דורכזיכטיקער לאַנגער שאָטן ווי נעצן פון פישער אויף אַן אַזיערע־שפּיגל.

מיין אויג ציט זיך צו דער קרוג.

אָהאָ, ווי איך האָב זיך דאָס פאַרקניפּט מיט דער דאָזיקער אַלטער וועלט! דער קעמל־וועג, דער סיקאָמאָר־בוים וואָס איז שוין אַלט הונדערטער יאָרן, דער שיקמה־קלויבער עזריה, דער פּאַלמע־טעפּעך, דער ווידער־אויפקום פון דער פלאַנץ מיט איר פעלד־ריח, די וואַדיס און די שטעגן פאַרלאָרענע אין די הרי־יהודה, פאַטימאַ מיט לאַנגע טונקעלע פינגער און שיינע קנעכל־רינגלעך אויף זיי, דאָס רופן פון שאַקאַלן, די קרוג אויף מיין טיש אין לבנה־ליכט. און איך אַליין — וואָס די דאָזיקע ערד איז מיר אַזוי נאָענט געוואָרן — פיל זיך ווי אַ טייל פון איר און מיר דוכט זיך, אַז איך קען איר פון מיינע פריסטע קינדער־יאָרן.

אין דער איינזאַמקייט מיינער שעפּטשע איך צו זיך אַליין מעשהלעך וועגן קעמל־רייטער, וועגן אָרעמע וואַנדערער, וועגן די שיינע טעכטער און די פאַסטעכער וואָס פיטערן אין די נידערונגען. עס איז מיר גוט צו לעבן אין דער דאָזיקער אויסגעטראַכטער וועלט. ניין, זי איז נישט אויסגעטראַכט, זי איז דאָ! הער זיך איין אין ווינט צווישן די דערנער! הער דעם געשעפּטש פון די ציפּרעסן! הער דעם ניגון פון סיקאָמאָרס העכסטע שפּיצן! שליס צו די

אויגן און הער! וועסטו זען דורך די פאַרמאַכטע אויגן, ווי עס ציען פאַרביי־קעמל־קאַראַוואַנען, ווערסט הערן אַלטע תפילות.

האָסטו געזען אין די נעכט ווי עס לאָזט זיך אַראָפּ אַ גרין־זילבערנער נעפּל אויף גאָטס ערד? צוערשט ווערט שאָטנדיק, טונקל, די לבנה פאַרגייט, און פון די הרי־יהודה רייסן זיך אָפּ די העכסטע בערג. זיי ווערן צעשמאָלצן אין אַ וואָלקן. דער וואָלקן לייכט ווי פאָספאָר. און מיטאַמאָל ווערט דאָס נאַכטיקע פּנים פון דער ערד פאַרפלייצט פון פאָספאָר־נעפּל. אַזוי בין איך אויסגעפּולט געוואָרן מיט דער טרויעריקער לאַנדשאַפט נישט נאָר זייט מיין קומען אַהער, נאָר אויך מיין קינדהייט האָט באַקומען צוריק דאָס וואָס עס האָט נישט געהאַט. איך לאָז איר, מיין יינגלשאַפט, אַרומלויפן אַ באָרוועסע, אַ פאַרחלומטע, אַ נייגעריקע אויף די אַלע שטעגן און פאַרשפּיל איר מיט די שענסטע מעשהלעך וואָס עס שעפּטשען צו מיר די דאָרשטיקע בלעטער.

בלויז איין פאָדעם, אַ גרויער, בינדט מיך מיט אַ ווייטער וועלט. איך בין פאַרוויקלט אין פאָדעם און האָב נישט די כוחות אָפּצורייסן זיך פון אים.

וויל איך דעם ריס? וויל איך דען דעם ריס מיט איר?

איך האָב ביז איצט נישט אָנגערופן איר נאָמען: פעליציאַ רופט מען איר. איצט קען איך שוין דאָס טאָן. ביז היינט, האָט זי אין מיינע טראַכטענישן נישט געהאַט קיין נאָמען. מענטשן וואָס זענען ווי איינגעוואַקסן אין דייך פלייש האָבן נישט קיין נאָמען. ערשט די דערווייטערונג האָט איר צוריקגעגעבן דעם נאָמען. ווען זי איז אַוועק פון מיר האָב איך דערפילט אַ דערלייכטערונג. דערנאָך האָט מיך די דערלייכטערונג געשראָקן. איך האָב איר פיינט געקראָגן. אין די שלאָפלאָזע נעכט האָב איך צונויפגעקליבן טויזנטער טענות, פאַרדאַכטן, באַשולדיקונגען און צונויפגעשטעלט פון זיי אַן אומהיימלעכע שוואַרצע מאָזאַיק פון שנאה און האַס. דערנאָך האָב איך דערפילט אַז אונטער דעם אייזפאַנצער פון האַס צאַפּל איך זיך מיט מיין ליבשאַפט צו איר. די שנאה איז אָבער געבליבן און זי האָט זיך ווי אַ לאַווע צעגאָסן און איז געוואָרן אַ טייל פון מיר. זי איז אַרויס פון די גרענעצן וואָס איך האָב פאַר איר געמאַכט און מיינע פריינד האָבן זיך דערווייטערט פון מיר. זיי האָבן געטייטלט אויף מיר און געזאָגט: ער איז פול מיט האַס און פאַרדאַכט. איך ווייס אַז אויך פעליציאַ האָט מיך פיינט, און דאָך, אין דער דאָזיקער קעגנזייטיקער פיינטשאַפט, דערווייטערטע שוין, קענען מיר זיך נישט דערווייטערן. אָט־אָ דער האַס צו זיך, צו די יאָרן פון פיין, צו די דערנידערונגען דאָרט, האָב איך אַריבערגעטראָגן אויף איר. זי האָט מיך געזען אין מיין געפאַלנקייט, אַ ציטערנדיקן פאַרן נאַקעטן לעבן, געבויגן פון הונגער, שרעק, קעלט. זי האָט

געוויינט אין די נעכט איבער מיין איינגעשרומפּענעם לייב וואָס איז אַנמעכטיק געלעגן אויף דעם שטרוי־געלעגער. זי האָט געזען ווי מיינע פינגער האָבן קראַמפּהאַפט געקלאַמערט דאָס הונגער־ברויט. זי האָט געהערט דעם חניפה־געשעפטש מיינעם צו די באַשטיוולטע גראָבע פאַרשוינען. שוין דעמאָלט האָב איך איר פיינט געהאַט פאַרוואָס זי זעט דאָס, נאָר איך האָב נישט געהאַט קיין כוח פיינט צו האָבן. יאָ, מען מוז זיין שטאַרק כדי צו קענען פיינט האָבן! מען מוז זיין פריי! איצט בין איך דאָס! איצט פאַרשטיי איך אַלץ; ווו האָסטו באַקומען דאָס ווייסע ברויט וואָס האָסט אין יענעם שניישטורעם אַוועקגעלייגט אויפן ראַנד פון מיין בעט? עס וואַרגט מיך נאָך יענער ביסן! דו ווייסט אַלץ. איך האָב קיינמאָל מיט דיר וועגן דעם נישט גערעדט. דו ביסט אַוועק פון מיר, ווייט אַוועק. דו וועסט צוריקקומען. איך גלויב אין דעם. וועסט קומען צו מיר. איך וויל דאָס נישט און דאָך קוקן זיך אויס מיינע אויגן אויף איר. און אַז עס גייען דורך טעג און כ׳זע דיך נישט — צעשמעטער איך מיט שווערע פויסטן־קלעפּ דעם נאַרישן שוואַרצן מאָזאַיק פון פאַרדאַכטן און צעברעקל דעם טונקעלן אייזפאַנצער וואָס טיילט אונדז אָפּ. דאָס איז דאָך אַלץ איינרעדעניש! דאָס איז דאָך מיין וויסטע אויסטראַכטעניש! דו גוטע, ליבע פעליציאַ.

מיינע פלאַנצן זענען באַדעקט מיט געזונטע, אָפענע, גרינע בלעטער.

פאַטימאַ העלפט מיר. יעדן טאָג קומט זי אין מיין גאָרטן. איך האָב באַקומען אַ שם פון אַ גוטן גערטנער. מען דאַרף אַ סךביימער פאַר די נייע ווירטשאַפטן. איך האָב אַלערליי פלאַנצן פון סוב־טראָפּישע ביימער. די נייע תושבים ווילן אָבער גדר־קוסטעס. זיי ווילן זיך אַרומצוימען מיט אַ לעבעדיקער צוים. אָהאָ, די אַלטע גאַרונג נאָך אייגנטום. מען וויל וויסן די גרענעץ, אַ קלאָרע גרענעץ, אָן אָפּגעצוימטע מיט געדיכטע שטעכיקע קוסטעס.

די לעצטע טעג איז פאַטימאַ שווייגנדיק און פאַרשלאָסן.

איך האָב ליב די שטילקייט אירע. די אויגנווייסלען שרעקן מיך. דאָס איז אַזאַ לאָקנדיקע שרעקעוודיקייט.

וואָס מערער עס האָבן אויפגעלעבט די פלאַנצן, וואָס גרעסער עס זענען זיך צעוואַקסן די ביישטאַם־צווייגלעך, אַלץ קלאָרער און שענער איז געוואָרן פאַטימאַ.

איין מאָל איז זי געבליבן שטיין פאַר דעם ווילדן קוסט און מיך שטום אָנגעקוקט.

— דאָס איז אַ זעלטענער קוסט. זעסט די געשניטענע שמאָלע בלעטער?

בייג זיך איין, פאַטימאַ, פילסטו נישט דעם רויען ריח, דעם שאַרפֿן, פֿון די קליינע בלימלעך?

זי האָט זיך איבערגעבויגן איבערן קוסט. איך האָב געזען איר לאַנגן האַלדז און דעם זילבער־פּוך פֿון אירע טונקעלע אָפּגעברענטע אָרעמס.

אין דער שטענדיקער גרינקייט האָב איך דערפֿילט די ווייך־קילקייט וואָס טראָגט זיך פֿון איר.

— אדוני — האָט זי געזאָגט. אַזוי שטיל האָב איך פֿאַטימאַן קיינמאָל נישט געהערט רעדן — אדוני, דו האָסט ליב דעם פֿלאַנץ וואָס איז נישט מער ווי אַ ווילדער דאָרן. יעדער איינער וואָלט אים שוין לאַנג אַרויסגעריסן און אַוועקגעשליידערט אויף דער אַנדערער זייט פֿון פּלויט. ער איז דאָך איבעריק אין דיין גאָרטן. ער פֿאַרנעמט נאָר אָרט. פֿילסטו נישט דעם ביטערן ריח וואָס טראָגט זיך פֿון אים?

זי לאַכט. איך דערקען איר געלעכטער לויט די אַקסל. עס איז מיר גוט געווען צו זען פֿאַטימאַן אַ קניענדיקע לעבן דעם צעוואַקסענעם ווילד־קוסט. אויך איך האָב זיך אַראָפּגעזעצט.

— זאָל איך דאָס אַרויסרייסן? — האָט זי מיך פּלוצעם געפֿרעגט און אירע הענט האָבן אָנגעכאַפּט דעם קוסט.

איך האָב דערפֿילט אַז זי איז אין כּעס. איז דאָס צוליב דעם וואָס איך זיץ אַזוי נאָענט פֿון איר און האַלט איר אָרעם, אָדער דערפֿאַר, וואָס איך שענק אַוועק אַזוי פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט אַזאַ נישטיקן פֿלאַנץ?

— דו האָסט ליב דיין גאָרטן, אָבער מערער פֿון אַלעם האָסטו ליב דעם ווילד־פֿלאַנץ, דעם אומנויטיקן.

זי איז אַוועק צו מיין חדר און געבליבן שטיין לעבן דעם שפּליטער פֿון שפּיגל וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט. ווי נאָר איך האָב אַ קוק־געטאָן פֿאַרוואָס זי האָט זיך אַזוי לאַנג דאָרט פֿאַרהאַלטן, איז זי אַ פֿאַרשעמטע אַנט־לאָפֿן צום וואַסער־קראַן.

דעם טאָג האָב איך איר דאָס ערשטע מאָל געהערט זינגען. דאָס איז געווען אַזאַ אויסגעטעריקנטער האַלדז־ניגון וואָס טיילמאָל איז ער געפֿלאָסן שיין און מיטאָמאָל איז ער איבערגעגאַנגען אין אַ פֿאַרדעמפּט שורשעריי.

אין די אָוונטן בין איך געזעסן אויף דער שוועל און געקוקט צו די הרי־יהודה. מיינע אויגן זענען געלייטערט געוואָרן. איך זע אַזאַ וואונדערלעכע וועלט, אָן אָוונטיק־בלאָע. איך בין דורך דער דאָזיקער אָוונט־מילדקייט מילד געוואָרן.

— פֿאַטימאַ... — שעפּטשע איך. ווער איז זי? פֿאַרוואָס רופֿט מען איר אויף אַזאַ פֿרעמדן נאָמען?

באַלד וועט קומען די קליינע קופּערנע שטוב־יאַשטשערקע און לויערן אין ליכט־ראָד פון דער לאָמפּ אויף די זילבער־פּלאַטערלעך און איך וועל ליגן מיט אָפענע אויגן אויפן פּאַלמע־טעפּעך.

היינט האָב איך אַנטדעקט אויף דעם ווילדן פלאַנץ רייפע זריעה־בעכער־לעך. איך האָב זיך איבערגעבויגן איבערן קוסט און אים לאַנג באַטראַכט. — פּאַטימאַ... פּאַטימאַ... — האָב איך געדעדט צום פלאַנץ — פּאַטימאַ וועל איך דיך רופן ווייל איך האָב דיך אויף מיין פּיצל ערד אַנטדעקט... פּאַטימאַ וועט זיין דיין פלאַנצן־נאָמען...

אַז איך האָב אויפגעהויבן מיין פּנים האָב איך געזען לעבן מיר דאָס פאַרחידושטע מיידל.

— אדוני, רופסט מיך? פאַרוואָס רעדסטו צו ווילדגראָז?

איך פיל אַז עפּעס וועט געשען. עס וועט אויסברעכן ווי דער שטורעם. איך האָב מורא פאַרן געוויטער. אַז איך זע דעם פּליסיקן זילבער אויף אירע טונקעלע אָרעמס דוכט זיך מיר, אַז דער גאָרטן האָט זיך צעוויגט און איך וויג זיך מיט ווי אין שיכרות. איך האַלט די זריעה־בעכערלעך פון ווילדפלאַנץ. איך וועל זיי קרייצן מיט אַן אַנדער געוויקס און עס וועט אַ נייער מין אַרויס־קומען. און אפשר זאָל איך די זריעה צעשיטן אין ווינט. ניין, איך וועל דאָס נישט טאָן. פּאַטימאַ איז מיר נאָענט געוואָרן. זי איז אַ טייל פון מיין קליי־נער וועלט.

פּאַטימאַ, דו טונקלהאָריקע, דו שאַרפאויגיקע, דו אומבאַקאַנטע! אַז איך דערנענטער זיך צו דיר פלאַקערן דיינע אויגן־ווייסלען אַמאָל מיט פראָסט און אַמאָל מיט ווייסן פייער. טיילמאָל זענען דיינע הענט מילד, נאָכגעביק ווי די דאָרשטיקע בלעטער און טיילמאָל האַרט ווי דערנער...

און עס איז געשען דאָס אויף וואָס איך האָב געוואַרט.

זי איז געקומען! פעליציאַ איז געקומען! מיר זענען געזעסן איינער אַנט־קעגן אַנדערן ביים קליינעם טיש. די פרעמדקייט וואָס זי האָט אַרויפגענומען דורך דער צייט פון אונדזער נישט זען זיך האָט מיך נענטער געמאַכט צו איר. וואָס מאַכסטו? ווי אַזוי לעבסטו? ביסט צופרידן, פעליציאַ?

די פראַגן ליגן מיר אויבנאָן. איך האָב זיי מורא פרעגן. איך שרעק זיך פאַר אירע ענטפערס. דווקא דאָס אומבאַקאַנטע בינדט אונדז. זאָל אַלץ אַנט־פּלעקט ווערן, קענען מיר זיך פאַנאַנדערגיין אויף אַ לאַנגער צייט, דערנאָך וועט אונדז דער קעגנזייטיקער נייגער צונויפפירן.

זי האָט געשוויגן און איך בין איר דאַנקבאַר געווען פאַרן שווייגן. אַ שטילקייט וואָס איז פול מיט טויזנטער צעבראָקלטע מחשבות. די שטילקייט

איז טיף־מענטשלעך און רירנדיק. זי מאַכט פייכט מיינע אויגן און אין האַלדז שטיקן טרערן. וואָלט דאָס שווייגן אָנגעהאַלטן נאָך אַ פּאָר מינוט וואָלט איך צוגעפאַלן צו אירע הענט מיט מיינע ליפּן. פעליציאַ האָט זיך אָבער אויפגעשטעלט און הויך געפרעגט:

—ווער איז זי, די, וואָס האָט מיך אַזוי פאַרשעריש באַטראַכט ביי דיין שוועל? אַטאָ דער טונקעלער שד איז דיין געליבטע? כאַ־כאַ־כאַ...

פעליציאַ האָט געלאַכט מיט איר קאַלט געלעכטערל וואָס איז מיר אַזוי טרויעריק באַקאַנט און אין דעם דאָזיקן געלעכטער האָט זי זיך מיר ווידער אַנטפּלעקט. איך האָב איר דערקענט! ווי עס שפּילט זיך דער גיפטיקער שפּאָט אויף אירע ליפּן!

דאָס ביסעלע פרעמדקייט, דאָס וואָס האָט מיך אַזוי צוגעצויגן צו איר איז פאַרשוווּנדן, עס איז צערונען געוואָרן. איך האָב דערזען פאַר זיך מיין נעכטן.

איך האָב אויף דער פראַגע איר גאָרנישט געענטפערט. איר געלעכטער איז פאַרגליווערט געוואָרן. מיין קאָפּ שווערט אַראָפּ. איך האָב אים אַריינגענומען אין די הענט און קוק שטאַר אויף אַ שפּאַלט אין דער וואַנט, אויף דער אַלטער ליימענער קרוג וואָס שטייט אויפן טישל.

זי האָט אַ סך גערעדט. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז זי אַרבעט און וווינט אין אַ קליינעם צימער אין צענטער פון דער שטאָט. — וואַרף דאָס אַלץ אַוועק, ווער אַן אַנדערער, פאַרטרייב די שוואַרצהאָריקע פון דאַנען. עס איז דאָך פאַר מיר אַ חרפּה. דו ביסט קראַנק. איך דערקען דאָס אין דיינע אויגן. דו ווערסט דאָך אין דער ווילדעניש פאַרווילדעוועט!

פעליציאַ האָט געווישט די אויגן מיט אַ ראָז טיכעלע און דערנאָך אָנגענומען מיינע הענט. — זע וואָס פון דיר איז געוואָרן. קוק זיך אָן ווי דו זעסט אויס; פאַרוואַקסן, צעריסן. זעסטו נישט דיין אָפּגעלאָזנקייט?...

איך דערקען, אַז מיין אָרעמקייט, מיין טרויעריקער אויסזען פאַרשאַפן איר פאַרגעניגן. אַזאַ להכעיסדיקע צופרידנקייט פינקלט פון איר פנים. „זעסטו וואָס עס איז געוואָרן פון דיר אָן מיין אויפזיכט. דו וואָלסט אויך ד אָ ר ט אומגעקומען". די נישט־געזאָגטע רייד אירע האָב איך אַרויסגעפילט פון יעדן קער אירן.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ נאָך נידעריקער און צוגעשלאָסן די אויגן.

זי איז אַרומגעגאַנגען אַהין און צוריק און גערעדט ווי צו זיך אַליין. דאָס איז געווען אַ מאָנאָטאָנער געשעפּטש וואָס האָט מיך מיד געמאַכט. אַז איך

האָב זיך אויפגעשטעלט איז זי געווען ביים פענצטער און געקוקט צו די אויס־געלאָשענע פעלדער.

— איך וועל ווידער קומען צו דיר, ווען ווייס איך נישט. איך בין פאַר־נומען.

די ווערטער האָט זי געזאָגט שוין אויף דער שוועל און מיט די פינגער האָט זי באַרירט מיינע שאַרפע קינבאַקן.

אין הויף איז געשטאַנען פאַטימאַ ווי אַ לויערנדיקע הירשין און געקוקט אויף אונדז.

איך האָב באַגלייט פעליציאַן ביזן הויפּט־וועג. מיר זענען געגאַנגען דורך דעם קעמל־וועגל, פאַרביי דעם סיקאַמאַר. כ׳האָב זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן און אויפגעקליבן עטלעכע שיקמה־פּירות. איך האָב גראָד גענומען די פאַרוועלקטע און ווערעמדיקע.

וואָס זאָל איך איר זאָגן? בעסער שווייגן. און אפשר וואָלט איך גע־דאַרפט רעדן, שרייען. איז דען נישט מיין מידקייט, דאָס זיצן מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ און דאָס שווייגן און אָפּהענטיקייט פּחדנות? דו וועסט זיך אַזוי אַ לעבן־לאַנג פּלאָנטערן צווישן די קליינע יונגע ביימלעך וואָס דו האָדעוועסט און די דערנער! מען דאַרף קענען נישט נאָר אָפּהיטן פּלאַנצן, נאָר אויך באַ־זייטיקן דעם ווילדוווקס, און דו ווילסט אַלץ אויסמישן, פאַרקניפּן, ווילסט באַשאַפן אַ נייעם מין, אַן אויסמישעניש וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דיין אָנמאַכט און פּחדנות.

צוריקוועגס האָב איך געטראָפן עזריהן. מיר האָבן גערעדט וועגן דער טריקעניש. וועגן דער חמימה. די שיקמה־פייגן וואָס פאַלן איצט זענען פאַר־וועלקט און ווערעמדיק. קופּערנע פליגן ראַיען אַרום דעם בוים מיט אַן אומ־היימלעכן געזשום. גאָט גיט די ווילדבינען האָניק־פּירות און זיי פאַרוואַנדלען דאָס אין גיפט.

— די ווערעמדיקע פּירות זענען אַן אָנזאָג אויף אַ זומער פול מיט חאַמ־סינען. דו דאַרפסט היטן דיינע פלאַנצן. כ׳וועל פלעכטן פון פאַלמע־בלעטער אַ שאָטן־צוים, וועסט איר אויפהענגען איבער די בייטן.

עזריה רעדט מיט די לאַנגע טרוקענע פינגער. ער האַלט זיי תמיד ביי זיין האַרץ. זיין פּנים, דאָס שאַרף־געקנייטשטע, זעט אויס ווי די זון וואָלט זיך פון אים קיינמאָל נישט אָפּגעקערט, אַפילו ווען ער געפינט זיך אין קילן שאָטן. דאָס איז אַ טרויעריק פּנים — אַ טרויער נישט צוליב ליידן און פּיין — עזריהס טרויער איז אַ טייל פון דעם טרויער פון די פעלדער די לעכצנדיקע און פון די ווייטן די אָפענע, דאָס איז דער טרויער פון גאָטס באַשאַף.

אין מיין הויף איז שטיל. איך הער נישט פאַטימאַס אָפּגעהאַקט זינגען, נישט דעם געשאַרך פון אירע טריט.

— פאַ־טי־מאַ! — רוף איך. — פאַ־טי־מאַ!

איך האָב ליב דעם פרעמדן קלאַנגפולן נאָמען. איך הער זיך איין אין מיין אייגענעם עכאָ און לויט דעם ווידערקלאַנג וואָס קומט צו מיר דערקען איך אַז אויך די פעלדער, דיביימער און די הימלען האָבן ליב דעם דאָזיקן מיידלשן נאָמען.

—ווו איז פאַטימאַ?

די טיר איז אָפן. איך ווייס, אַז זי גייט קיינמאָל נישט אַריבער מיין שוועל ווען איך בין נישט אין הויף.

אַז איך בין אַריין אין מיין צימער האָב איך דערזען אויף דעם שטיי־נערנעם דיל צעבראָכענע שערבלעך פון דער וואונדערלעכער אַלטער קרוג. איך האָב זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער פאָדלאָגע און געקליבן די ליים־שפּליטערס. דאָס זענען געווען קליינע שערבלעך ווי צעשאָטענע שטיינדלעך פון אַן אויס־געלאָשענער אָנפאַרביקער מאָזאַיק.

— פאַ־טי־מאַ! — רוף איך.

קיינער ענטפערט מיר נישט. ווער האָט צעבראָכן און צעטראָטן די וווּנ־דער־קרוג? ווער האָט עס מיט ווילדער רוגזה צעשטערט אָט אָ די איידעלע קרוג?

און אַז איך בין אַ דערצאַרנטער געלאָפן צווישן די ביימלעך האָב איך דערזען מיין ווילד־פלאַנץ אַן אַרויסגעריסענעם מיט די וואָרצלען. איך האָב אים אויפגעהויבן פון דער בייט. פון די נאַקעטע וואָרצלען האָט זיך געשאָטן ערד. די שמאָלע בלעטלעך האָבן נאָך געלעבט. איך האָב געפילט, אַז מיט געציילטע מינוטן צוריק האָט מען די פלאַנץ אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען.

דאָס האָט פאַטימאַ געטאָן! פאַטימאַ!

איך בין געלאָפן צו דער שטיינערנער צוים און געזוכט אין די וויטן. איך האָב נאָר געזען אין זאַמד די פוס־טריט פון פעליציאַן און פון דער צווייטער זייט וועג האָב איך דערקענט פאַטימאַס קליינע באָרוועסע פיס־אָפּדרוקן. זיי האָבן געפירט צו די פאַרווילדעוועטע פעלדער.

אין איינע פון די נעכט וועט קומען דער ווינט פון די בערג און אָפּווישן אַלע שפּורן פון מיין זאַמד־וועגל. נאָר מיינע טריט וועלן דאָ שטענדיק באַ־נייט ווערן.

אפשר וועט ווידעראַמאָל קומען פאַטימאַ? ווער קען וויסן?

איך ווייס, אַז כ׳וועל שוין מער קיינמאָל נישט קענען פירן מיינע אומ־רואיקע פינגער איבער דער איידעלער וואונדערשיינער קרוג.

איך בין פאַרבייגעגאַנגען דעם הר תבור און געלאָזט זיך מיט אַ שמאָלן שאָסיי־וועג. דער נאַקעטער באַרג מיט די שטיינערנע בעקנס, מיט די ליימיקע אָדערן וווּ עס זענען אין די רעגנס געפלאָסן וואַסער־שטראָמען, מיט די נידע־ריקע דאָרנביימער, דאָס אַלץ איז מיר ווי נאָכגעגאַנגען. איך האָב זיך גע־וויקלט אַרום זיין צופוסן איבער אַ שעה צייט אַ מידער און טרויעריקער.

די גרויקייט פון תבור, די שווערע, טונקעלע שטיינפעלדזן, דער נאַקע־טער קופּל־באַרג ווי דאָס אַלץ וואָלט געווען אַן אויסמיש פון אַלטן קופּער, פון זשאַווער־אייזנס, פון אויסגעלאָשענעם זילבער, פון ליימערד און שוואַרצן מעטעאָר־שטיין. אַ האַנט האָט דאָס אוודאי אויסגעמישט, צעקנאָטן, צעגאָסן אין זיבן פייערן און אויסגעפורעמט אַ באַרג און זיין צופוסן פאַרזיגלט מיט שטיינער.

האָט מיך דער באַרג אַזוי טרויעריק געמאַכט, אָט אָ דער איינזאַמער באַרג אין מיטן פון דעם מילדן פלאַכלאַנד? און אפשר בין איך אַהערגעקומען מיט מיין אומרו צו די דאָזיקע רואיקע וועגן וואָס אַלע פירן זיי צו די גרוי־זיל־בערדיקע נעפּל־נידערונגען פון כנרת?

מיין טראָט איז געוואָרן אייליקער. איך האָב חשק אויסצוטאָן די שיך און אַ באָרוועסער לויפן פאָרויס. עס איז מיר אַ שאָד אָפּצושטעלן זיך אויף אַ רגע. איך גיי ווי עמעצער וואָלט מיך גערופן. איצט האָב איך די שאָטנס אונטער מיין רוקן.

איך זע ווייט ווייט פאַר זיך נעפּלען, זילבערדיקע נעפּלען. דאָס איז אַ לאַנגער נעפּל־שטרייף, וואָס הענגט צווישן הימל און ערד. און מיטאַמאָל בין איך געבליבן שטיין אַ געפּלעפּטער. אין דער נידער, איינגעפּאַסט צווישן מיל־דע בערג שפּרייט זיך דער בלוי־נעפּלדיקער כנרת. איצט הענגט דער לאַנגער נעפּל־שטרייף צווישן הימל און כנרת. מיינע אויגן שוועבן אין די ווייטקייטן. אַזאַ זוניק־זילבערנע, אַזאַ ליכטיק־דורכזעעוודיקע, אַזאַ מילד־אָפענע ווייט פאַר־וויגט מיך.

אַ, גאָט, ווי אָפן עס איז היינט דיין פּנים! ווי אָפן עס איז דיין וועלט!

אַזאַ ליכט, אַזאַ געבענטשטע קלאָרע רחבות! אויף מיילן ווייט איז נישטאָ קיין שום טונקעלער פלעק. דאָס איינציקע וואָס שאָטנט דאָ איז מיין טרויע־

ריק פנים. אַ קליינער קנויל פון שאָטנס אין דיין ליכטיקער וועלט. איך האָב פחד פאַר די שאָטנס. זיי האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין מיר אין די וואָלקנ־דיקע נעכט. איך האָב זיי ווי די שוואַרצע פערל אויפגעשנירלט. איצט טונקלען זיי פון מיינע אויגן אַרויס. איך וועל די פערלשנור צערייסן און די שוואַרצע קרעלן צעשיטן איבער די ליכטיקע וועגן.

עס איז גוט צו גיין באָרוועס איבער דער דאָזיקער ערד. איך בין נענטער צו איר. מיינע אויגן זענען אָנגעשטרענגט. פון יענער זייט כנרת זעט מען דעם מילדן באַרגיקן האָריזאָנט, מיין בליק צערטלט די מילדקייט. איך פיר מיינע אויגן ווי עס פירט אַ יונגער פּאַסטעך דאָס ערשטע מאָל שאָף אויף די פעלדער. איך וואַנדער איבער די בערגלדיקע ווייכקייטן, די שטראַלנדיקע און בלייב אַ פאַרגאַפטער ביים שנייאיקן חרמון. ער איז בלויז שניי. אַ שנייבאַרג. זילבער, ריינער, ליכטיקער: דאָס איז נישט די בלענדעניש וואָס רייסט זיך צו די הימלען — דאָס איז אַן אינעווייניקסטע ליכטיקייט. עס איז מיר גוט, אַז איך שטרעק אויס מיין האַנט דוכט זיך מיר אַז איך באַריר יענע שניי־ווייסקייט און אַ גוטער שטראָם גיט זיך איבער דורך די פינגער־שפּיצן מיינע אין מיין גאַנצן קערפּער. מיין האַנט צערטלט די קליינע ברוסט־בערגלעך וואָס דערהייבן זיך רעכטס פון חרמון. דאָס איז אַזאַ וווּנדערלעכע בייגעוודיקייט פון ליניעס אַזש דו פילסט אַ תענוג. איך שליס די אויגן. די ליכטיקייט דרינגט אַריין דורך די אויגן־לעדלעך. מיר דוכט זיך, אַז איך בין דורכזעעוודיק גע־וואָרן. איך בין איצט ווי אַ לייכטער וואָלקן וואָס וואַנדערט צווישן די בערג.

איך לויף באַרג־אַראָפּ. מיך דערוואַרט דער בלאָער שטילער כנרת. איך לויף וואָס אַמאָל האַסטיקער. די שוואַרצע פערל־שנור איז צעריסן געוואָרן. אַ טשאַטע קראָען האָבן אויפגעפּיקט די שוואַרצע פערל און זיי זענען פאַר־שווונדן.

איך אַנטלויף פון יענע טרויער־נעכט, פון די אַלע לויערונגען וואָס האָבן מיך פאַרוויגט אין פינצטערע געוועבן. איך רייס זיי מיט מיין ברוסט. ווי לייכט עס איז מיר! און וואָס לייכטער עס איז מיר אַלץ דורכזעעוודיקער ווערט דער כנרת.

אָט איז שוין דאָס פישער־געסל פון טבריה.

פאַרוואָס גיי איך אַ באָרוועסער אויף די שטיינער פון ברעג? איך האָב אָנגעהאַנגען די שיך אויף די אַקסל און קוק אויף די פישער־יונגען. איצט פיל איך אַ מידקייט. איך האָב זיך איבערגעבויגן איבערן ברעג און זע מיין פנים אין כנרת. דער וואַסער־שפּיגל איז אַזוי דורכזעעוודיק אַזש מען זעט די שטיינדלעך פון באָדן.

בין איך דאָס דער מידער מענטש מיט די גרויע האָר ביי די שלייפן, מיט די שאַרפע קנייטשן ביי די אויגן־ווינקלען?

איך באַריר מ׳יט די פינגער מיין פנים. — דו האָסט צו אָפן געקוקט אויף ליכט, אויף שאַרף זון־ליכט, דערפאַר די אומרו־קנייטשן אַרום די אויגן. — שעפטשע איך צו זיך אַליין.

די פישער־יונגען קוקן אויף מיר מיט שפּאָט. איינער האָט קליינע שטעכיקע אויגן און זיין שטערן איז צונויפגעצויגן: דער צווייטער, אַ בערדיקער, קוקט אויף מיר מיט באַדויער און מיטלייד.

איך בייג זיך נענטער און נענטער צום וואַסער. איצט פיל איך דעם וואַסער־ריח. דאָס וואַסער איז גוט צו מיר. איך באַריר דעם שפּיגל מיט די האַנטפלאַכן. ווי גוט און ווייך עס זענען די וואַסערן פון כנרת.

איך בין לאַנג געזעסן אויף אַן אַלט פישער־שיפל און זיך געוויגט. אַז איך האָב צוגעשלאָסן די אויגן האָב איך געזען אַ קליין באַרוועס ייִנגעלע גיין צום טייך. ער גייט כאַפּן פיש מיט זיין ווענדקע. דער טייך איז בלאָ. וואָלקנס שווימען דאָרט אַרום און צווישן די ראַנדן פון די וואָלקנס טונקלען זיך די דוקנס פון פיש. הונדערטער פיש. זיי שווימען אַן טשאַטעסווייז. דער שטיין איז קיל. אַרום גרינען לאָנקעס. אויבן, אויפן הויכן באַרג, איז זיין היים. ווי אַלט איז ער? אַכט יאָר... ניין יאָר... דאָס זאַמד איז הייס, דאָס גראָז איז ווייך... די מוטער נעמט די קליינע פישעלעך אַרויס פון קריגל... איינס באַקומט די קאַץ... אמת, מיין קינד, דאָס גרעסטע פישל איז געווען גראָד דאָס וואָס דו האָסט נישט געקענט כאַפּן? — וויפל יאָר איז שוין פון דעמאָלט אַדורך? האָ־האָ... קוק זיך אָן אין שפּיגל פון כנרת וועסטו וויסן! קוקן אויף די גרויע שלייפן... קוקן אויף די מידע אויגן דיינע...

איך פיר מ׳יינע ציטערדיקע פינגער איבערן אייגענעם פנים.

מיר דוכט זיך, אַז איך בין אַריבערגעשווומען אַ תהום און דער תהום איז פאַרדעקט געוואָרן מיט לייכטע זילבער־וואָלקנס.

צווישן דעם קליינעם טייך ערגעץ אין מאַזאָוויע פון מיינע ייִנגל־יאָרן און דעם כנרת איז נישטאָ קיין שום צייט־אָפּשניט. עס איז דאָך איצט געשען! נאָר וואָס בין איך געגאַנגען איבער די זאַמדן, איבער די שטיינער, אַ באַרוועסער, איך פיל נאָך יענעם טעם פון וואַסערן, דעם ריח פון פיש און פון פישער־שיפל. אויבן שטייען די קליינע אָרעמע שטיבער. איך בין דאָך פריער פאַרבייגעגאַנגען די געסלעך.

עס איז מיר אַזוי לייכט אויפן האַרצן. אַזאַ זאָרגלאָזיקייט אַ ייִנגלישע איז מיך באַפאַלן.

איך גיי איבער דעם פישער־געסל און קוק יעדן מענטש אין די אויגן אַריין. איך בלייב שטיין פאַר אָפענע טירן, קוק אַריין אין די קראָמען, אין די ענגע געוועלבער, איך זע דעם אָנהויף פון ירקות, פיש, שרייענדיקע שטאָפן. אָט איז דאָס בײַדל פון גאָלדשמיד. אַ זקן מיט אַן אויסגעלאָשן פּנים ווי פון אַן אַלטן זילבער־בעכער אויסגעהאַמערט, אָנגעטאָן אין אַ גרויען כאַלאַט מיט שוואַרצע פּאַסן. דערנעבן וואַלגערן זיך שטויסן אַלטע שיך און אַ שוסטער אַרבעט אונטערן פרייען הימל. פישער־ווײַבער מיט אויפגעלאָפענע בײַכער, מיט קופּערנע פּנימער און קינדער וואָס ווימלען דאָ צווישן ברוכוואַרג פון אַלטע מויערן, צווישן שטיינשפּאַלטן און שפּלעך מיט אויפגעריסענע דנאָען.

די אָרעמקייט פון געסל, אָטאָ די קליינע פּאַרטונקלטע שטיבער מיט די נאַקעטע טישן, מיט די רויט־אָפּגעצויגענע בעטן, מיט די פּעסער ביי די שוועלן, מיט די קיכטעפּ אויף דער ליימענער פּאָדלאָגע, מיט דעם געטומל און קינדער־געוויין — דאָס אַלץ לאָקט מיך, דאָס רופט מיך.

איך פיל דעם ריח פון וואַסער. גראָד דער וואַסער־ריח האָט מיך צוריק־געפירט צו מיין קינדהייט.

אַז איך שליס די אויגן דוכט זיך מיר אַלץ, אַז איך וויג זיך אויף דעם פישער־שיפל און זע דאָס קליינע יינגעלע גיין צום טייך — — — —

— — — ער איז באָרוועס; די פיס אָפּגעברענט, דאָס העמדל אַרויסגע־לאָזט פון די הייזלעך, אַ קאָפּ שוואַרצע האָר: אַזאַ שוואַרצקייט וואָס ליכטיקט. עפּעס טראָגט ער אין דער האַנט. ער גייט צום פישער־מאַרק.

— יינגעלע, וווהין גייסטו?

ער קוקט מיך אָן מיט טיף־ברוינע אויגן און שווייגט.

פאַרשטייט ער נישט מיין לשון?

יאָ, ער פאַרשטייט. איך רעד דאָך אויף זיין שפּראַך. איך דערקען אין די ציטערנדיקע ליפּן זיינע אַז ער וויל עפּעס זאָגן. די שוואַרצאַפּלען זיינע זענען גרויס געוואָרן. איך דערקען אין זיי נייגער, שרעק. און אַז ער האָט איינגע־צויגן די שמאָלע יינגלישע אַקסל און אַ שמייכל־געטאָן צו מיר האָב איך אים גלייך דערקענט:

דאָס בין איך אַליין!

איך בין דאָס. דער זעלבער געפורעמטער קאָפּ. די זעלביקע געשניצטע ליפּן. דאָס זעלבע ציטערן מיט די אַקסל און דער שימער פון די אויגן.

איך האָב אַרויפגעלייגט מיין האַנט אויף דעם קאָפּ זיינעם.

דאָס יינגעלע האָט געשטאַמלט:

— איך גיי צום פישער־מאַרק... דאָרט ווינען מיר... דאָס זענען מיינע פיש... איך האָב זיי געפאַנגען...

— ווייז זיי מיר.

ער האָט צעוויקלט אַ קליין רענצל און פון דאָרט אַרויסגענומען אַ ליימן קריגל. עטלעכע קליינע פישלעך מיט זילבערדיקע בייכער זענען דאָרט אַרומ־געשווומען. — — — —

אַ, ווי די צייט איז זיך צונויפגעלאָפן אַזוי ווי עס באַגעגענען זיך צוויי ווייטע און פרעמדע שטערן וואָס אין זייער פאַלן קרייצן זיי זיך מיט די פייערן.

איך און דאָס יינגעלע ביים כנרת האָבן צונויפגעשמאָלצן צוויי וועלטן. ניין! נישט צוויי וועלטן — דאָס איז איין וועלט! דאָס איז דיין וועלט! דו גייסט פאָרויס און פאָרויס און דו מיינסט אַז דו גייסט פון עפּעס אַוועק. אוי, דו נאַר איינער, דיין גאַנצער גאַנג איז דאָך דער צוריקגאַנג צו יענעם ערשטן טריט דיינעם פון אַ דריי־יאָריק יינגעלע אויף דעם גרינעם פעלד ווען דו ביסט געווען אַזוי נאָענט צו די גראָזן און בלימלעך, צו דעם טייך און האָסט דערקענט די וועלט לויט די ריחות, לויט דעם טעם פון יעדן פלאַנץ וואָס דיינע ליפּן האָבן פאַרזוכט.

נישט אַלעמען איז באַשערט צו דערגיין צו דער קדמון־צייט פון אייגענעם לעבן. איך בין דערגאַנגען. דאָ, ביים כנרת, דורך דעם דאָזיקן קליינעם יינגעלע. איך קען איצט דערפאַר קוקן אויף דעם שניילעכט פון חרמון, אויף דער גרין־זילבערנער ווייט פון די בערג, אויף דעם בלאָלעכן שפּיגלפלאַך און מיטוויגן זיך מיט דעם שטומען ניגון פון די כוואַליעס.

— — — דאָס יינגעלע גייט באַרג־אַרויף. איך שטעל מיינע טריט אין זיינע פוס־שפּורן. איך וועל אים נאָכגיין ווייל עס איז מיר גוט צו קוקן אויף זיך אַליין. דו גייסט — און דיין אייגענע יונגקייט, וואָס דו האָסט איר ווידער באַשאַפן, וואָס דו האָסט איר אויפגעזוכט, פירט דיך!

דאָס יינגעלע קוקט זיך יעדע רגע אַרום און זיינע קינדערישע אויגן ווערן גרעסער.

— אדון! פאַרוואָס גייסטו מיר נאָך?...

— עס איז מיר גוט דיר נאָכצוגיין, ווייל איך גיי זיך אַליין נאָך... דאָס זענען מיינע אייגענע פוסטריט וואָס דו שטעלסט...

ער האָט געלאַכט און זיין געלעכטער האָט אָפּגעקלונגען אין מיר אַזוי אייגן.

פון דעם פישער־מאַרק פירן עטלעכע קליינע געסלעך. ביי איין געסל טונקלט זיך אַן אַלטע מויער געבויט פון שוואַרצן שטיין. אַ בייכיקע וואַנט מיט שמאָלע פינצטערע לעכער. זעט אויס, אַז דאָ איז געווען איינע פון די

צענדליקער טויערן וואָס האָבן געפירט צו דער אַרומגערינגלטער און באַפעס־טיקטער שטאָט.

דאָס ייִנגעלע איז געבליבן שטיין פאַר אַ קליין שטיינערן הויז און גע־רופן צו די טרעפּ. ערגעץ, אין אַ קליין פענצטערל האָט זיך אַ וויג־געטאָן אַ ווייסער פאַרהאַנג און אַ פרויען־קאָפּ איז געבליבן אַ ווײַלע אין פענצטערל. פון צופיל זון האָב איך נישט געקענט געניי זען איר פּנים.

איך זיץ אין שאָטן פון די אַלטע טבריה־מויערן, דאָרט ווו עס איז אַמאָל געווען דער טויער. איך זע ווי דאָס ייִנגעלע לויפט איבער די שטיינערנע טרעפּ. דאָס פענצטערל האָט זיך פאַרמאַכט. דאָס ווייסע פאַרהאַנגל וויגט זיך. ווילדגראָז וויקלט זיך אויף חורבות. איך זע דעם גאָלדשמיד, דעם שוסטער, די פישער־ווייבער און איבער דעם אַלעם — ליכטיקע הימלען.

איך בין לאַנג געזעסן אין דעם קילן שאָטן פון די טונקעלע שטיינער. אַ זקן איז פאַרבײַגעגאַנגען און מיך אָנגעקוקט.

— וואָס זיצסטו, אדוני, ביי די ווענט? זיי קרישלען זיך... פון צייט צו צייט פאַלן דאָ שטיינער... עס איז אַ געפאַר... זעסטו נישט די שפּאַלטן אין די אַלטע ווענט?

איך לאַך צו אים מיט אַ שטום געלעכטער.

— ביסטו פון דער פרעמד? — פרעגט מיך דער זקן.

ער האָט אַ וואונדערשיינע שוואַרצע באָרד און אַ ליכטיקן שטערן ווי ער וואָלט אים געוואַשן מיט שניי פון חרמון.

— נישט פון דער פרעמד, בין איך, זקן, אַ היגער בין איך. פון דאַנען...

ער האָט געקוקט אויף מיר מיט פרעגנדיקע אויגן און געשמייכלט.

איך האָב אָנגעוויזן אויף דעם איינזאַמען הויז צווישן די חורבות און געטייטלט צום קליינעם פענצטערל מיטן ווייסן פאַרהאַנג.

דער אַלטער האָט אויפגעהערט צו שמייכלען און איז אַוועק.

נאָך מיטאָג האָבן זיך אַרום מיר פאַרזאַמלט קינדער פון פישער־געסל. זיי זענען געשטאַנען אין האַלב־קרייז און געשוויגן. איך האָב געזוכט צווישן זיי דאָס קליינע ייִנגעלע. — — —

די זון פאַרגייט.

די בלאָקייט ווערט טיפער. איצט איז דער כנרת גרין־זילבערדיק. די בערג זענען לייכטער געוואָרן. נאָך אַ ווײַלע און זיי וועלן אַוועקשווימען. איך ווייס נישט וואָס עס בינדט זיי מיט דער ערד. איך האָב מורא, אַז כ׳וועל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ נעפּל און בלייבן הענגען איבער די נידערונגען צווישן יענע ווייטע צווי בערג.

איך האַלט זיך אָן אָן דעם שטיין פון דער קרישלענדיקער פעסטונג־וואַנט.

— זעסטו נישט די שפּאַלטן אין די ווענט? — שעפּטשע איך צו זיך אַליין דעם זקנס רייד.

עס איז שוין נאַכט.

איך גיי איבער די געסלעך. אין שענק איז טומלדיק. די פישער־יונגען זענען איבערגעבויגן איבער די קליינע טישלעך און וואַרפןביינדלעך. איינער, מיט די שפּיציקע אייגעלעך, האָט מיך דערקענט. פאַרבייגייענדיק האָט ער מיך אַ שטויס־געטאָן מיטן אַקסל.

— חביבי, יאַ, חביבי! — האָט ער הייזעריק אויסגערופן און פאַר־קוועטשט ביידע אויגן.

— גיס אָן אַ גלאָז! — האָב איך גערופן צו דער מויד מיט די אָנגע־שוואָלענע רויטע באַקן ביים בופעט.

— אַליין זויפסטו?

אָ, דאָס איז דאָך דער פישער. מיר האָבן צוזאַמען געטרונקען. די מויד האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף מיין אַקסל.

עס איז קיל. איך גיי איינער אַליין איבער די נאַקעטע געסלעך. עס איז מיר גוט. איך זינג און עס הערן מיך די שטערן.

איך בין ווידער ביי דער אַלטער וואַנט, דאָרט ווו עס איז געווען דער טויער צו דער שטאָט. דאָ האָבן געפּאַנצערטע רייטער געוואַכט. די צייט האָט באַפוילן: צעפּראַלט די טויערן פאַר דעם טרויעריקן גייער! און איך גיי איצט אַריין אין דער שטאָט ווי אַ זיגער. מיין ווייס פערד איז דער נעפּל. אַז איך וועל אַ פייף טאָן וועט דאָס פערד קומען צו לויפן מיט די זילבערנע שטערן־שפּאָרן און איך וועל זיך אויפזעצן אויף אים און אַוועקרייטן...

איך קען זיך אַלץ נישט אָפּרייסן פון דעם אָרעמען ליכט וואָס פאַלט פון פענצטערל. דאָרט רוט דאָס קליינע יינגעלע... דאָס רו איך דאָרט... איך... איך...

איך גיי באַרג־אַרויף. עס באַגלייט מיך דער זקן מיט דער וווּנדערלעכער באָרד.

— פאַרוואָס בלאָנקעסטו אַרום, פרעמדער מענטש, און געפינסט נישט קיין רו?

דאָס זענען גוטע פאָטערלעכע רייד.

מיר גייען שווייגנדיקע. נידעריק זילבערט זיך דער כנרת. דער ים ליגט ביי אונדזערע פיס.

— דו ביסט מיד, איך דערקען דאָס אין דיין שווערן אָטעמען. רו זיך

אַפּ אַ רגע.ביים כנרת קען מען נאָר רוען ווען דאָס פּנים איז געווענדט צום חרמון... זע, ווי קלאָר ער איז איצט! ווייסטו פאַרוואָס מען רופט דעם ים כנרת? דאָס איז פון וואָרט כנור — אַ פידל. דער כנרת זעט אויס ווי אַ פידל. דער ירדן וואָס שווימט צום ים־המלח איז דער פידל־האַלדז. דאָס איז גאָטס־פידל... הערסט נישט זיין פידל־געזאַנג? — — —

איך בין אַוועקגעפאַלן אַ מידער אין קליינעם האָטעל־צימערל און גלייך איינגעשלאָפן מיט אַ שלאָף פון אַ מידן און טרויעריקן וואַנדערער.

אין האַלבנאַכט בין איך צו צום פענצטער און לאַנג געשטאַנען אַ פאַר־הילטער אין פינצטערניש.

די מידקייט האָט מיך גובר געווען. איצט ליג איך און חלום: איך זע אַ גרויסן ליכטיקן פידל צווישן גרינלעכע נעפּלען... דאָרט ווו עס איז דער חרמון — ליכטיקט אַ שטראַלנדיקע ווייסקייט ווי אַ קעניגלעכער זיידן־געצעלט... רעכטס פון געצעלט רוט די וואונדערשיינע געצעלט־איינוווינערין... איך זע אירע ציטערנדיקע פיס און דערקען ווי אירע קליינע בריסטן אָטעמען און איך מילדן ווינט באַוועגן זיך אירע האַלב־צעפלאָכטענע צעפּ... זי האָט אַנטפּלעקט איר נאַקעטקייט פאַר די גוטע נאַכטיקע הימלען. פון אויבן לאָזט זיך אַראָפּ אַ רעגנבויגן און באַרירט דעם זילבער־פידל... אַ קליין באַרוועס יינגעלע גייט פון טייך און הערט זיך איין אין פידל־געזאַנג... די רויט־פּנימדיקע מויד פון דער פישער־שענק טעמט אַזוי הייס... די שיכורע פישער האָבן צוגעשלאָסן די אויגן און שווייגן — — —

פאַרטאָג.

איך קיל מיין הייסן קאָפּ אין כנרת. מיינע שיך האָב איך פאַרוואָרפן אויפן אַקסל און וואַנדער איבער דער דאָזיקער ערד.

ווען איך בין דערגאַנגען צום הר תבור איז שוין די זון געשטאַנען הויך. דאָס גיין איבער די באַרג־וועגן האָט מיך אָפּגעפרישט. און אַז איך האָב אויף אַ ווײַלע צוגעשלאָסן די אויגן צוליב אַן אומגעאַנטע פרייד וואָס האָט מיך אַרומגענומען, האָב איך געזען אַז עס פירט מיך אַ קליין שוואַרצהאָריק ליכ־טיק־אויגיק באָרוועס יינגעלע.

אַ שיף איז אַריין אין האַפן.

אויפן רוקן פון כרמל רוען נאָך די וואָלקנס. די ווייסע הייזער וויקלען זיך אַרויס פון די זילבער־נעפּלען. עמעצער פאַרוואַרפט שווערע שטריק און רופט צום באָרט פון דער שיף.

דער רוף הילכט אָפּ אין דעם פרימאָרגן, גליטשט זיך איבערן ים־פלאַך און קומט דערנאָך צוריק מיט די כוואַליעס וואָס פּאַטשן אין שטיין פון ברעג.

די באַהעפטונג פון דער שיף מיטן שטיינערנעם ברעג איז אַזאַ שטילע אַזש דו בלייבסט פאַרחידושט: ווען איז דאָס געשען? איז דאָס מעגלעך, אַז אָט אָ די צעוויגטע שיף, וואָס האָט געשניטן די ים־מרחקים, איז אַזוי רואיק פאַרקניפּט געוואָרן מיט די שטאָל־רינגען פון האַפן?

דאָס איז אוודאי געשען נאָך דעם ווי דער רוף אין פרימאָרגן איז צוריק־געקומען צעברעקלט פון די ווייטן און אויסגעגאַנגען אין טונקעלן שאָטן פון די מעכטיקע שוואַרצע שיף־ווענט. דעמאָלט איז שטיל געוואָרן דער ים. די מענטשן האָבן איינגעהאַלטן די אָטעמס און די שטאָלענע שטריק האָט ווי אַ נאָפּל־שנור פאַרקניפּט די שיף מיט דער ערד.

די שטילקייט איז אָבער גלייך אויפגעבראָכן געוואָרן. צוערשט האָבן די ים־כוואַליעס אויפגעהויבן שוימיקע קעפּ און עס האָט זיך געדאַכט אַז עמע־צער האָט אויפגעפּראַלט זילבערנע טויערן צו אַן אומבאַקאַנטער ווייט.

ווען מיכאַל איז אַראָפּגעגאַנגען פון דער שיף זענען די וואָלקנס פון כרמל געווען דורכזיכטיק. דער ים איז אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט. עס איז אים אויסגעקומען, אַז די לייכטע וואָלקנס אויפן באַרג־רוקן און די שוימיקע זילבער־קעפּ פון די כוואַליעס וואַרטן אויף זיך. ערגעץ־ווו און ערגעץ־ווען וועלן זיי זיך באַגעגענען און ער וועט דאָרט זיין.

ער האָט אויסגעמיטן די מענטשן וואָס האָבן געשריען, געפירט קליינע מאַטאַר־וואָגנס מיט געפּעק. קיינער וואַרט נישט אויף אים, קיינער וועט אים נישט באַגעגענען. ער האָט געוויזן זיינע פּאַפּירלעך ביים טויער פון האַפן און דערנאָך געזוכט עפּעס אין די טאַשן. מיכאַל האָט דאָרט געפונען ניקל־געלט פון פאַרשיידענע לענדער, אַ צעקנייטשטן בריוו, פּאַפּירלעך.

עס איז זוניק, ליכטיק. ער זעט זיין אייגענעם שאָטן. אַזאַ שאַרפן שאָטן

האָט ער פון זיך קיינמאָל נישט געזען. אַזוי ווי פון טונקעלן מירמל איז זיין שאָטן. ווי אַזוי קען אַזאַ היימלאָזער מענטש ווי ער, וואָס זיין גאַנץ פאַרמעגן איז דאָס רענצל אויפן רוקן, און דער גאַנג איבער דער דאָזיקער פרעמדער שטאָט איז אַזאַ ציטערנדיקער, וואַרפן אַ שאָטן?

דער אויטאָ לויפט איבער אַ נאַקעטן שאָסיי. רעכטס איז דער ים, לינקס — אַ באַרג־קייט מיט נעפלדיקע לייכטע וואָלקנדלעך, מיט שטיינערנע אָפּ־ריסן, מיט צווערג־קוסטעס. אַן איילבערט־וועלדל. אַ שטיינהאַקעריי פאַרהילט אין געלן שטיינשטויב. טרוקענע פעלדער. אַן אַראַבער אויף אַן אייזל. לאַסט־אויטאָס. טעלעפאָן־סלופּעס. וועג־צייכנס.

מיכאַל קוקט און עס מישט זיך אויס בייגער מיט מידקייט, לאַנגווייל און אַ לאָקנדיקע דערוואַרטונג אויף עפּעס וואָס איז אומבאַקאַנט און וואָס וועט קומען. ער וועט שטיין ביי קרייצונגען פון גאַסן און אין דער האַנט וועט ער האַלטן אַן אַלטן בריוו, לייענען פאַר פרעמדע מענטשן דעם צוריק־אַדרעס פון בריוו. ער וועט גיין איבער געסלעך, עפענען טירן. מען וועט רעדן צו אים אויף אַ פרעמדער שפּראַך און ער וועט יאָ פאַרשטיין און נישט פאַרשטיין. ער וועט יעדן איינעם דאַנקען פאַר די אומפאַרשטענדלעכע ווערטער וואָס מען רעדט אַרויס צו אים, דערנאָך וועט ער ווי אַ שול־יינגל לייענען אות נאָך אות די שילדן איבער די קראָמען און נעמען וועלן זיך צונויפגיסן, צונויפ־פלעכטן. אַז עמעצער וועט אים נאָכקוקן וועט זיין האַרץ האַסטיקער קלאַפּן.

מיכאַל איז געשטאַנען ביי אַ טיר און לייכט אָנגעקלאַפּט. עס האָט אים באַנג געטאָן וואָס ער איז שוין דערגאַנגען צו דער דאָזיקער שוועל. ער וועט צוריקגיין צו די ליכטיקע גאַסן און ווידער זיך פרעגן. גיין פון גאַס צו גאַס לויט די אָנווייזונגען פון די פאַרבייגייער, דעמאָלט האָט ער אַ ווערט אין זייערע אויגן. זיי מיינען אַז דער מידער מענטש גייט צו נאָענטע, אַז מען וואַרט אויף אים און מיט די פריינטלעכע אָנווייזונגען דערנענטערן זיי די צייט ווען היימישע הענט וועלן דעם פרעמדן אַרומנעמען. ער דערקענט אין די אויגן פון די מענטשן דאָס פייערל פון פרייד און פון קנאה. ווי אויס־טערליש עס זאָל נישט זיין, דוכט זיך מיכאַלן, אַז די דאָזיקע פאַרבייגייער זענען אים מקנא. זיי וואָלטן אוודאי געוואָלט באַפרייען זיך פון לאַנגווייל און איבערלעבן די פרייד פון אַ באַגעגעניש נאָך אַ לאַנגער אָפּוועזנקייט.

טייל האָבן מיכאַלן אָנגענומען פאַר אַן אויסגעדינטן זעלנער, וואָס איז צוריקגעקומען פון די מלחמה־פעלדער, טייל פאַר אַ וואַנדערער וואָס איז גע־קומען צו די נאָענטסטע זיינע. דאָרט, אין גאַס, האָט ער געהאַט אַ ווערט אין די אויגן פון די מענטשן. דאָ, ביי דער שוועל פון דעם ווייט־באַקאַנטן לאַנדס־מאַן איז ער געוועזן איינזאַם און טרויעריק.

עס האָבן אים באַגעגנט צוויי אַלטע לייט.

ער איז געזעסן ביי אַ גרויסן טיש און געטרונקען טיי. דער גרויער מאַן האָט געווישט די ברילן און אים לאַנג באַטראַכט.

— יאָ, איצט דערקען איך... דו ביסט געראָטן אין טאַטן... די אויגן... דער שטערן...

דערנאָך איז געוואָרן שטיל. זי האָט לאַנג אָנגעהאַלטן די שטילקייט. מיכאַל האָט געקוקט אויף די זילבערנע בעכער וואָס זענען געשטאַנען אין אַ גלעזערנער שאַפע. געקוקט אויף די טונקעלע רוקנס פון ביכער.

— דאָס איז אַ בילד פון דער היים... פאָטאָגראַפירט צום אָפּפאָר מיי־נעם... שוין פערציק יאָר...

מיכאַל האָט געזען דריי שורות יונגע מענטשן און נישט געקענט אונ־טערשיידן די פנימער. אַלע זענען געקליידט אין די זעלבע שטייפע קליידער און זענען ענלעך צו זיך.

אפשר האָט עס די עלטער פון פערציק יאָר זיי צונויפגעגאָסן אין איין פנים, אָטאָ די געלקייט וואָס האָט ווי אַ דינער וואַקס־שיכט פאַרצויגן דאָס בילד?

— דעם מענטש דערקענסטו? — האָט געפרעגט דער אַלטער און גע־פירט מיט אַ פינגער איבער דער פאָטאָגראַפיע.

— עפּעס יאָ און עפּעס נישט...

מיכאַל האָט זיך דערפילט שולדיק און אומבאַהאָלפן.

— דאָס איז דאָך דיין אייגענער פאָטער!

— אַזוי, מיין פאָטער, מיין אייגענער פאָטער. — האָט ער נאָכגערעדט דעם אַלטנס רייד נאָר מיט טרויער און חידוש.

עס איז אים גוט געווען וואָס אין דער דאָזיקער פרעמדער שטאָט גע־פינט זיך שוין פערציק יאָר דאָס בילד פון זיין פאָטער.

— עס איז גאָרנישט געבליבן... אַפילו קיין בילד נישט... איך בין דאָך עלטער ווי מיין טאַטע... דער ווייסער קראַגן, דער האַלדז־שלייף... די קינ־באַקן...

דער לאַנדסמאַן האָט געשאַרט מיט די שטעקשיך איבער די שטיינערנע פּלאַטן. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן נאָר אָנשטאָט רייד איז אַרויסגעקומען אַ ניגון ווי דאָס זשומעריי פון שויבן ווען עס פאָרט פאַרביי עפּעס אַ שווע־רער וואָגן.

— שוין פערציק יאָר. — האָט געזאָגט מיכאַל.

פאַרוואָס שווייגט אַזוי דער אַלטער? ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דער לאַנדסמאַן וועגט זיינע רייד. מיכאַל האָט אים געוואָלט זאָגן: איך

ווייס אַז דו מיידסט אויס מיר צו דערציילן וועגן דעם ווי אַזוי מיין פּאָטער איז צוריקגעפאָרן פון דעם לאַנד נאָך דעם ווי ער האָט דאָ געלעבט אַ פּאָר יאָר.

— איז שוין פינף און דרייסיק יאָר ווי מיין פּאָטער איז צוריקגעפאָרן פון דעם האַפן דורך וועלכן איך בין אָנגעקומען אין לאַנד אַריין?

— אָ, דו דערמאָנסט דאָס, מיכאַל. איך האָב געמיינט אַז דו ווייסט נישט. צו וואָס דערציילן? עס איז פאַרבונדן מיט אַ מעשה, מיט רחל פון נהלל. עס איז אַ טרויעריקע דערמאָנונג...

זיין פרוי איז געוואָרן אומרואיק. זי איז צוגעקומען צום טיש און געזאָגט:

— פאַרוואָס לאָזסטו דעם גאַסט נישט פאַרזוכן דאָס עסן? נאָר דו רעדסט. האַ, עס איז אַ הייסער טאָג?... מיר זענען שוין געוווינט... עסט...

— אַ דאַנק אייך, פרוי...

— ווי אַלט ביסטו, מיכאַל?

— ווי אַלט? — האָט ער זיך ווי אויפגעכאַפּט. — אַזוי אַלט ווי די געשיכטע מיט רחל. מיט אַ יאָר שפּעטער בין איך געקומען אויף דער וועלט אין מאַזאָוויע. איך ווייס אַלץ. אַלץ וואָס איז געווען אין נהלל. מיין פּאָטער האָט חתונה געהאַט און מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך געפונען אין אַ פאַרגעסענעם שופלאַד רחלס בילד. דאָרט זענען געלעגן ים־שטיינדלעך, אַן איילבערט־צווייגל, אַן אַראַביש שווערדל באַזעצט מיט פּערלמוטער, אַלט־ירושלים אויסגעגראַווירט אין קופּער...

מיכאַלן איז גוט געווען דאָס צו דערמאָנען. עס איז פאַרבונדן מיט זיין קינדהייט. ער האָט דערפילט היים און זיינע אויגן האָבן באַקומען אַ פייכטן שימער.

אָטאָ דער אַלטער שופלאַד אין דער שווערער קרעדענס וואָס האָט זיך יאָרן־לאַנג נישט געוואָלט אויפרוקן... דער לעצטער שופלאַד רעכטס... ער איז געשטאַנען אויף די קני און גענישטערט אין די אַלערליי בילדלעך, פּאָטאָ־קאַרטלעך, קאָנווערטן מיט מאַרקן און אַלערליי שטעמפּלען, בילדער אויף האַרטן גרויען טאָוול מיט איינגעפּרעסטע קאַליגראַפירטע אותיות, קייטעלעך פון זייגערס, נאָקעטע ציפערבלעטער... איז דאָס קליינע בילדל פון דעם יונגן צעשמייכלטן מיידל מיט די לאָקן אַריבערגעוואָרפענע אויף דער ברוסט, רחל פון נהלל? אַז ער פלעגט פרעגן די מוטער ווער עס איז די „טשאַטשע“ אויף דעם בילדל האָט ער דערקענט אַז איר פּנים ווערט טרויעריק.

דער אַלטער האָט געבראַכט אַ הויפן פּאָטאָגראַפיעס און זיי אַ שאָט־געטאָן אויפן טיש און אַז מיכאַל האָט דערזען דאָס זעלבע קליינע בילדל פון

יונגן מיידל מיט די גרויסע לאָקן אויך דאָ, האָבן זיינע פינגער געציטערט. אים האָט זיך געדוכט אַז ער האָט ווידער דערזען אַ טייל פון זיין היים.

— ווי אַזוי האָסטו איר דערקענט?

— איך האָב זיך דערמאָנט אָן זעלבן בילדל. ווען איך וואָלט געווען אויף מ׳יין טאַטנס אָרט וואָלט איך איר...

ער האָט נישט פאַרענדיקט ווייל דאָס אַלטע פאַרפאַלק האָט זיך צעלאַכט. אויך מיכאַל האָט געלאַכט זאָרגלאָז. עפּעס איז פאַרקניפּט געוואָרן מיט דער דאָזיקער דערמאָנונג: נהלל, דער האַפן, דעם פאָטערס יוגנט־פריינד, דאָס שטעטל אין פוילן. איצט האָבן די אַלע שטיינדלעך און מושלען און דער איילבערט־צווייג, די צעשאָטענע פאַטאָס אויפן טיש, די געדיכט־באַשריבענע בריוו פון יענעם שופלאָד, אַלץ האָט באַקומען אַ זין.

— ווילסט זען רחלען? זי וועט זיין גליקלעך. זי ווייס אַז דו קומסט אין לאַנד אַריין. רחל האָט געבעטן דו זאָלסט איר באַזוכן.

ביינאַכט איז מיכאַל געלעגן אויפן פרעמדן געלעגער און אין שלאָף געזען די היים. ער איז געגאַנגען אויף אַ שטויביקן וועג, די ברונעמער זענען ליידיק, וויסטע זאַגראַדעס. זקנים ביי פאַרברענטע כאַטעס. דער טאַטע גייט איבער דער קאַשטאַן־אַלייע. ער איז אַזוי טרויעריק. עס איז פינצטער און מיכאַל זינקט אין זומפּ. וועלדער פאַלן. זיי ווערן פאַרצויגן מיט פייער־פאַרהאַנגען...

אין האַלבער נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. די שווייס־טראָפּנס אויפן שטערן קילן אים. די דערמאָנונגען שווערן ווי די שטיינער וואָס עמעצער וואַלגערט אויף זיין מידן קערפּער. דער שלאָף האָט אים גובר געווען. זיידפּעדעם צ׳ען זיך. דער נאַכט־ווינט וויגט זיי און אַלץ וויגט זיך מיט. איז דאָס די שיף וואָס טראָגט זיך נאָך איבער דעם פינצטערן ים? דאָס איז אַ חלום: די שטוב, די אַלטע יידישע זילבער־בעכער. די בילדער, דאָס גיין איבער די אומבאַקאַנטע גאַסן. רחל פון נהלל. דאָס בילד פון פאָטער. דאָס איז אַ חלום וואָס האָט נישט קיין אָנהייב און נישט קיין סוף. דאָס איינציקע וואָס איז שאַרף איז דער אייגענער שאָטן. ער אַליין איז אַ געפלעכט פון דורכזיכטיקע ביינער און דאָס באַשטענדיקע איז נאָר זיין שאָטן. די געשיכטע פון זיין פאָטערס ליבע צו רחל פון נהלל איז ווי דער אָפּשאָטן פון עפּעס ווייטס און אומ׳באַקאַנטס. אויף אונדזער ערד וואַנדערן אַרום שאָטנס פון וועלדער פאַרוויסטע, פון מענטשן פאַרשווונדענע. ערשט איצט, אין דער נאַכט, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אויפן ים האָט ער געזען די דאָזיקע שאָטנס. שאָטנס קומען נישט אום. זיי זענען אייביק. נאָך דעם ווי זיי רייסן

זיך אָפּ פון די מענטשן, פון דיביימער, וואָגלען זיי אַרום אויף גאַטס וועלט, זיי ווערן איינס מיט די וואָלקנס, מיט די נעפּלען.

ווי רואיק עס איז היינט אַריינגעשווומען די שיף אין האַפן. אַזאַ שיף איז אַמאָל אַזוי רואיק אָפּגעשווומען פון דאַנען מיט זיין פאָטער. אַלץ וויכטיקע אין לעבן פון מענטשן קומט פאַר שטיל, איינפאַך. אַמאָל ליגט עס אין אַ פּשוט וואָרט, אַמאָל אין אַ קלאַנג וואָס ציטערט ווי דאָס פאַרגיין פון אַ ווייטן גלאָק, אַמאָל איז עס אַ שווייגן וואָס פאַרמאָגט ליבשאַפט, און שטילקייט מיט שטילקייט פאַרפלעכטן זיך ווי צוויי זילבער־וואָלקנס וואָס עס פאַרקניפּט זיי דאָס לבנה־ליכט. דעמאָלט דערקענסטו די הימלישע פרייד לויט דעם וואָלקנראַנד וואָס איז פּלוצעם באַלויכטן געוואָרן.

די ווידערבאַגעגעניש זיינע מיט אַ שפּליטער פון זיין היים איז געווען פאַר מיכאַלן אַן אָנהאַלט אין די ערשטע טעג פון זיין קומען אין לאַנד אַריין.

פאַרטאָג איז מיכאַל אַוועק. ער איז געגאַנגען איבער אומבאַקאַנטע פרימאָרגן־גאַסן. אַזוי פיל איילנדיקע מענטשן. פולע אויטאָבוסן. נאָר ער איינער דאַרף זיך נישט איילן. פאַרוואָס גייט ער נישט מיטן שטראָם? די מענטשן גייען באַרג־אַרויף מיט דער גאַס און ער נידערט צום ים. דאָ איז פּוסט. עטלעכע איינגעטריקנטע ביימער מיט פאַרקראַמפּטע צווייגן. ווייט־ווייט זעט מען אַ שיף. אַ כוואַליע ראַנגלט זיך מיט אַ שוואַרצן שטאָם ביים ברעג און קאָן אים נישט בייקומען. יעדעס מאָל טויכט אויף דער שוואַרצער שטאָם און פאַרגייט. עס איז אים לאַנגווייליק געוואָרן די שפּיל פון די וועלן מיטן הפקרדיקן בוים. איצט גייט ער צוזאַמען מיט די איילנדיקע מענטשן. אַ יונגער בחור, אפשר פון צוואַנציק יאָר, האָט ביי אים געבעטן פייער צום פאַררייכערן.

— ביסט ערשט נישט לאַנג אין לאַנד?

— נעכטן בין איך געקומען?

— נעכטן? — האָט זיך דער בחור געחידושט.

זיי זענען געגאַנגען אַ שטיק וועג צוזאַמען.

דער בחור האָט יעדעס מאָל צוגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער:

— דאָס איז אַ נייַ הויז; דאָס איז אַ באַנק! און דאָס, רעכטס, איז אַ קינאָ! דו דאַרפסט זען דעם פילם... איך מוז זיך איילן, כ'וועל באַגעגענען מיין מיידל. זי אַרבעט נישט ווייט פון מיין פאַבריק... יעדן אין דער פרי טרעפן מיר זיך און איך באַגלייט איר צו דער אַרבעט... כאָטש פינף מינוט וועג צוזאַמען... דו ביסט געקומען אַליין אין לאַנד אַריין?...

דער בחור האָט נישט געוואָרט אויף קיין ענטפער, ער האָט אַ פייף־געטאָן און איבערגעלאָזט מיכאַלן אין מיטן גאַס.

ווהין גיין?

ווען די שיף איז נעכטן אַזוי שטיל צוגעקומען צום האַפן איז אויף איין רגע די שטילקייט אויפגעבראָכן געוואָרן. דאָס איז געשען נאָך דעם רוף פון אַ האַפן־אַרבעטער צו די שיפס־מענטשן. גלייך נאָך דעם האָבן זיך אויפגעהויבן די כוואַליעס ווי זילבער־טויערן.

די פלוצעמדיקע דערמאָנונג האָט אים געמאַכט טראַכטן. ווהין פירן זיי די זילבער־טויערן?

דער אויטאָבוס לויפט קיין נהלל.

עס איז גוט צו זען די פעלדער, די פּרדסים, די וואַסער־טורעמס. די זון איז שוין הויך. עס מוז זיין מיטאָג־צייט.

מיכאַל גייט איבער אַ זאַמד־שטעגל. פעלדער פון קאַווע־קאָליר. איינזאַמע ציפּרעסן. אַ שעפּסן־סטאַדע אויפן רוקן פון אַ באַרג. אַ ברייטע דאָרף־גאַס מיט ציגל־הייזער, מיט צוימען פאַרוואַקסענע פון קלעטער־קוסטעס.

— דאָ איז עס. זעסט דאָס הויז מיט די גרויסע רויטע בעכער־בלומען?

— איך זע...

— דאָ וווינט רחל.

אַ צוים פון היביסקוס־קוסטעס. עס קומט אים אַנטקעגן אַ מענטש מיט אַ פּאַרמעט־פּנים. בלויז קנייטשן. אויפן פּנים איז שוין נישטאָ קיין אָרט אויף נייע קנייטשן, האָבן זיי זיך צעשפּרייט אויפן האַלדז, אויף די הענט. גרויסע רויטע בלומען־בעכער מיט שוואַרצע צונגען און גרין־אויסגעלאָשענע בלעטער. קריכפלאַנצן שטעכיקע. אַ טירל וואָס מען קען עס נישט צומאַכן און נישט ברייטער עפענען. עס איז געבליבן ווייזט אויס אַזוי פון יאָרן האַלב־געעפנט און די קלעטער־פלאַנצן האָבן עס פאַרפלאָכטן און פאַרקניפּט.

מיכאַל האָט זיך דורכגעשטופּט דורכן טיר־שפּאַלט. אויף דער שוועל וואַרעמט זיך אַ גרויסע קאַץ מיט געלע פלעקן אויף דער שוואַרצער פעל. ער ציט די דראָט פון טיר־גלאָק. דער גלאָק איז מיט אַן אַרויסגעריסענער צונג און די דראָט איז זשאַווערדיק. קיינער ענטפערט נישט. אנשטאָט דעם קלאַנג פון גלאָק דערגייט צו אים דער דראָט־געקלימפּער. אין שכנותדיקן הויף וויינט אַן אייזל. דאָס ערשטע מאָל הערט מיכאַל דעם אייזל־געוויין. אים דאַכט זיך אַז עס סקריפּען אוראַלטע שלעסער און מען ריגלט די טויערן פון פעסטונגען. אין דעם אייזל־געוויין איז דאָ טרויער, טריקעניש און צער פון פאַרברענטע פעלדער. ער וועט איבערוואַרטן דאָס אייזל־געוויין און אַריינגיין אין הויז.

מיכאַל האָט אַ שטויס געטאָן די טיר. זי האָט זיך געעפנט מיט אַ גע־סקריפּ. אַ קילקייט האָט זיך געטראָגן פון טונקעלן קאָרידאָר. עמעצער האָט צעפּראַלט אַ לאָדן און אַ סנאָפּ ליכט איז געבליבן ליגן אויפן טיש, אויף דער פּאָדלאָגע.

קעגנאיבער אים, ביים פענצטער, איז געשטאַנען אַ פרוי אין די פריע זעכציקער.

— איר זענט דאָס רחל?

זי האָט געשוויגן.

יאָ, דאָס איז רחל, האָט ער געטראַכט. עס איז דאָ אַן ענלעכקייט מיט יענעם בילדל.

— זעץ דיך. — האָט זי שטיל געזאָגט.

אַ טרויעריקע פאַרשאָטנטע שטים ווי זי וואָלט געקומען פון ווייטע חדרים.

רחל האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַ קיילעכיק ברויט, אַזאַ ברויט וואָס עס באַקן די דאָרפס־איינוווינער און געבראַכט אַ מעסער מיט אַ הילצערן הענטל. דערנאָך האָט ער זיך געוואַשן די הענט און געווישט זיי לאַנג מיט אַ טונקעלן האַנטוך. אַז ער האָט געשניטן דאָס ברויט האָט זי אים געקוקט אויף די הענט, געקוקט אין די אויגן אַריין און אַ שווייגנדיקע אויסגעדרייט זיך צו דער דאָרפס־גאַס. ווען זי איז צוגעקומען צום טיש האָט מיכאַל דער־זען אַז זי האָט פייכטע אויגן.

ער האָט געוואַרט, אַז זי זאָל פרעגן, אַז זי זאָל רעדן, נאָר רחל האָט גאָרנישט געפרעגט. בלויז איין מאָל האָט זי געזאָגט:

— ווי ענלעך דו ביסט.

זי האָט נישט געזאָגט צו וועמען ער איז ענלעך, ביידע האָבן אָבער געוווּסט אַז זיי פאַרשטייען דאָס נישט דערזאָגטע. עס איז געווען פאַר אים אַ חידוש וואָס רחל האָט קיין איין מאָל נישט אָנגערופן זיין פאָטערס נאָמען. ביים אויפשטעלן זיך פון טיש האָט זי אים נאָכגעקוקט.

— דו ביסט הויך, ביסט שלאַנק, ביסט שיין, — האָט זי געזאָגט. — האָסט אָבער מידע אויגן. רו זיך אויס. קענסט זיך וואַשן אין באַדצימער.

און זי איז אַוועק.

מיכאַל האָט אַראָפּגעוואָרפן די שיך, אַרומגעגאַנגען אַ באָרוועסער איבער די חדרים און געקוקט אויף די ווענט. ער האָט געזוכט אַ סימן וואָס זאָל אים אין עפּעס דערמאָנען און פאַרקניפּן דאָס מיט דער דאָזיקער דאָרפישער שטוב. ער האָט אָבער גאָרנישט געפונען. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ליגשטול און געגלעט די פעל פון דער קאַץ.

רחל האָט זיך לאַנג געזוימט. עס איז שוין פאַרנאַכט, עטלעכע קי זענען פאַרבייגעגאַנגען און געלאָזן דעם ריח פון מילך. אַ הון קודאַקעט. אַ קיל ווינטל וויגט די רויטע בעכער און פון די שוואַרצע בלום־צינגלעך שיט זיך שוואַרצער שטויב.

רחל רעדט שטיל.

ער האָט געוווּסט, אַז זי וועט רעדן. אין די מיטאָג־שעהן איז זי געווען צו שווייגנדיק, דאָס איז געווען אַ שווייגן פון אַן איבערגעפולט האַרץ. דער אָוונט, די לאַנגע שאָטנס פון די ציפּרעסן, מיכאַלס מידע אויגן וואָס מאָנען ביי איר — דאָס אַלץ האָט איר אויפגעבונדן און זי האָט גערעדט.

— דיין פאָטער האָט נישט געוווּסט, אַז מען דאַרף ראַנגלען זיך פאַר דעם וואָס מען וויל. ער איז אָפט געגאַנגען איבער די דאָזיקע נאַכטיקע פעלדער פון נהלל אַ פאַרליבטער אין גאָטס באַשאַף, ווי אַ נישט ערדישער. דער אַנדערער האָט געהאַט לאַכנדיקע אויגן. ער איז פול געווען אומעטום. געוואָרן אַן עסקן, אַ רעדנער. נאָך דער אַרבעט אין דער שטיינהאַקעריי, אויף די שאָסייען איז דיין פאָטער אַוועק צו די פעלדער באַוווּנדערן גאָטס וועלט. ער האָט געמיינט אַז איך וועל אים נאָכגיין. איך האָב געוואָרט אַז מען זאָל מיך ווי די דאָזיקע ערד באַצווינגען. איך האָב אין די אָוונטן געשוויגן מיט אים. נישט קיין אייפערזוכט, נישט קיין כעס. איך האָב אים געוואָלט, נאָר ער האָט געוואָלט אַז עס זאָל אַליין קומען... געקומען איז אָבער אַ צווייטער...

רחל האָט געבלעטערט אַלטע זשורנאַלן.

— לייען דאָס... לייען... וועסט אַלץ וויסן... איך האָב אַמאָל געשריבן... מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער געשטאָרבן, מיין מאַן... איך האָב אַ טאָכטער אין דיין עלטער איז איר מאַן געפאַלן אין דער באַפרייאונגס־מלחמה... שווערע צייטן האָבן מיר געהאַט...

זי איז שטיל געוואָרן און געקוקט אויף מיכאַלן מיט אַזאַ בליק ווי מען קוקט צו די ווייטקייטן. ער האָט געפילט אַז איר בליק איז אים אַריבערגעשפרונגען און זי וויל דאָס דערזען זיין טאַטן.

דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צו דער שאַפע און געבראַכט אַן איינגערעמט בילדל אין אַ ניקעלנעם רעמל.

— דאָס איז מיין טאָכטער.

רחל האָט אים לאַנג באַטראַכט און אירע אויגן האָבן עפּעס געמאָנט ביי אים. ער איז ווי אַ פאַרמירמלטער געזעסן מיטן בילד אין דער האַנט און נישט געוווּסט וואָס ער האָט צו זאָגן און וואָס ער זאָל טאָן.

— ביסט ענלעך צו דיין פאָטער.

אין די דאָזיקע רייד האָט ער דערפילט אַ פאָרוואורף.

— איך געדענק ווי עס וואָלט געווען איצט — האָט רחל גערעדט מיט טיפן באַדויער. — איך בין געווען אין האַפן ווען דיין טאַטע איז צוריקגע־פאָרן. די שיף האָט זיך פאַמעלעך אָפּגעטיילט פון ברעג. איך האָב אים געזען אויף דער שיף. כ׳האָב געמיינט אַז מאָרגן וועל איך אים ווידער זען. דאָס איז אָבער געווען דער סוף. ווייסטו פאַרוואָס איך האָב מיטאָג־צייט געלאָזן דיך אַליין? איך האָב טעלעגראַפירט צו מיין טאָכטער זי זאָל קומען, אַז מיר האָבן אַ גאַסט. ביסטו צופרידן?

***

מיכאל איז אַרויס אויף דער ברייטער דאָרפסגאַס.

עס איז שוין נאַכט. אַרום שפרייטן זיך פעלדער, נאַקעטע פאַשע־פעל־דער. דאָס בערגל ווו אויף זיין רוקן האָבן זיך בייטאָג געפיטערט שאָף איז איצט באַלויכטן פון מילך־וועג. פון דער אַנדערער זייט דאָרף בלינצלען פייערן פון ישובים. עס איז אַן אויסגעשטערנטע נאַכט.

אָ, ווי גוט עס איז צו גיין איבער די נאַכטיקע קילע פעלדער.

איך בין געשטאַנען לעבן דעם הילצערנעם צריף, אין אַ הויף פון דער ירקון־גאַס, און געפילט דעם הייסן זאַמד־אָטעם פון נאַקעטן ים־ברעג.

צווישן צוימען פון זשאַווערדיקע בלעכן, שטעכיקן דראָט און ברעטער אויסגעקרימטע פון דער זון, מיט סענקן און שפּאַלטן, האָט זיך אַרויסגעזען דער ים.

דער ברעג איז געווען געל, שוימיק און וואָס ווייטער און טיפער אין ים אַריין, איז די געלקייט אָפּגעטראָטן און עס האָט זיך געשפּרייט אַ מיד־גרויע פאַרנעפּלטע ווייט.

ביים איינציקן פענצטער פון קליינעם הילצערן צריף איז געוואַקסן אַ גרוי־גרינער אויסגעלאָשענער אָלעאַנדער. זיינע בלאַט־שפּיצן זענען געווען פאַרדאַרט.

זעט אויס, אַז עס בושעווען דעם זומער זאַלץ־ווינטן. און אפשר איז די שפּיצן־טריקעניש פון די אָלעאַנדער־בלעטער געקומען פון די נעפּלען, ווייל אין די נעכט שפּרייטן זיי זיך איבערן ברעג און פאַרצערן דעם יונגן אַרויס־שפּראָץ פון די געוויקסן?

דאָס זענען געווען סתם מחשבות כדי אָפּצושלעפּן אויף נאָך אַ פּאָר מי־נוטן דאָס אָנקלאַפּן אין דער אומבאַקאַנטער טיר.

אַ האַלבן טאָג האָב איך זיך אַרומגעדרייט איבער דער ליידיקער ירקון־גאַס און געזוכט דעם נומער 36. און אַז איך האָב שוין געפונען דאָס הויז מיט דעם נומער איז דאָס גאָר געווען אַ גרויע פירשטאָקיקע געביידע. איך האָב געקוקט צום אָפּגעשיילטן טינק פון די פראָנט־ווענט. אין קאָרידאָר איז גע־ווען פינצטער און אַ דעמפּיק־פייכטער ריח ווי פון ווילד־שוואָמען און מען האָט מיך פאַרהילט.

איך האָב אויסגעשטרעקט די הענט און געזוכט אין דער ברוינער טונקל־קייט פון נאַקעטע ווענט דעם עלעקטרע־קנאָפּ.

צוויי קעץ זענען דורכגעלאָפן ביי מיינע פיס. איך האָב דערפילט דעם באַריר פון עפּעס ווייכס און וואַרעמס און איידער איך האָב נאָך באַוויזן אָפּצו־רייסן זיך פון אומהיימלעכן טרעפּן־געוויקל, האָט זיך געעפנט אַ שווערע טיר.

אַ פּאַס ליכט איז געפֿאַלן אויף אַ וואַנט און איך בין געשטאַנען אין מיט פֿון דער ליכט־גרענעץ.

כ׳האָב געקוקט אויף אַ נידעריקער פֿרוי מיט אַ גרויס קיילעכדיק פּנים און אויסגעלאָשענע פֿיש־אויגן.

די צוויי קעץ האָבן זיך אָוועקגעשטעלט אויף דער שוועל. איך האָב געזען ווי עס ברענען זייערע אויגן און דער גרינער אויגן־פֿלאַם באַלייכט די קעציש גאָוער־פֿעדעם. אין דער שטילקייט האָב איך דייטלעך געהערט אַ קאַצן־געוויין.

די אויסטערלישע פֿרוי האָט צעשפּרייט די הענט און עס האָבן איר נאָכגעפֿלאַטערט ברוינע שאָטנס. זי האָט איצט אויסגעזען ווי אַ פֿלעדער־מויז מיט אָפֿענע פֿליגל.

די קעץ זענען אַוועק און איך האָב דערפֿילט דעם ריח פֿון אַ פֿליישיקער פֿרויען־האַנט. די פֿרוי האָט מיך שווייגנדיק אָנגענומען פֿאַרן אָרעם און איך בין איר נאָכגעגאַנגען. כ׳האָב געהערט אירע טריט און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די פֿרוי שווימט.

איצט האָב איך שוין נישט געזען די אַרויסגאַנג־טיר, און דאָס איינציקע ליכט וואָס איז געקומען אין דעם טונקעלן טרעפּן־ווינקל איז געווען פֿון אַן אייבערשט פֿאַרשטויבט קראַטן־פֿענצטערל.

איך האָב גערעדט צו דער פֿרוי נאָר כ׳האָב נישט געקענט דערהערן מיין אייגן קול.

איז דאָס צוליב דעם גערויש פֿון דעם ים, וואָס האָט אַזוי אָפּגעשלאָגן זיך אָן די גרויע בעטאָן־ווענט, אָדער, מיינע רייד זענען געבליבן דערשטיקטע אויף די אייגענע ליפּן?

איך האָב געפֿילט אַ להכעיסדיקע הנאה פֿון לאָזן זיך פֿירן דורך דער פֿרוי אין שלאַפֿראַק מיט דעם טיפֿן דעקאָלט און נאַקעטע הענט.

מיטאַמאָל האָט זיך אויפֿגעפּראַלט אַ טיר און אירע פֿיש־אויגן האָבן מיר אָנגעוויזן דאָס קליינע הילצערנע הייזל. דאָס איז געווען דער הינטערשטער אַרויסגאַנג צום הויף. איך האָב געקוקט אויף דעם קליינעם הויז, אויף דעם פֿאַרצערטן אָלעאַנדער מיט די רויטע האַלב־געעפֿנטע קנאָספּן.

די אומבאַקאַנטע פֿרוי איז געשטאַנען אויף דער שוועל מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און געוואַרט ביז איך וועל עפֿענען די טיר פֿון הייזל. אין איר פּנים איז געווען עפּעס עקשנותדיקס און באַפֿעלערישס און איך האָב נישט געקענט באַפֿרייען זיך פֿון דעם דאָזיקן שטומען באַפֿעל.

— איך דאַנק אייך... ווען נישט איר וואָלט איך לאַנג געבלאָנדזשעט... אָ, ווי איר האָט עס גלייך דערקענט, אַז איך דאַרף צו דער שטוב!...

זי האָט אַ ציטער־געטאָן מיט די וויִעס און איך האָב געזען אין אירע אויגן בייזע פייערלעך.

איך בין אַ ווײַלע געבליבן שטיין פול מיט חידוש און זיך פאַרנייגט.

דאָס נייגן זיך צו דער פרוי איז געשען מחמת שרעק. איך האָב מורא באַקומען פאַר דער אויסגעשטרעקטער האַנט, פאַר די אויגן אירע, פאַר דער שווערקייט פון איר קיילעכיקן גוף.

עפּעס וועט געשען! דאָס וועט זיין אַן אויסבראָך פון שגעון. איך האָב זיך געשראָקן פאַר דעם אומבאַקאַנטן, פאַר דעם איבערראַשנדיקן, ווייל כ׳האָב געוווסט, אַז עס זענען געבליבן נאָר געציילטע רגעס. באַלד וועלן זיך צע־שפּרייטן אַרום מיר שוואַרצע שלייערן און פון די פאַלדן וועלן אַרויספליִען פייגל, דורכזעעוודיקע מיט פאַרספאַר־אויגן.

מיין שטערן איז באַזעצט מיט טראָפּנס שוויס. איך בין מיד. אין די מי־טאָג־שעהן איז די היץ גרויס. אַז עס וועט אַ ווייע טאָן דאָס אַוונט־ווינטל וועט מיין מידקייט אָפּטרעטן.

אַז איך האָב געעפנט די אויגן האָב איך מער נישט געזען די פרוי מיט די פיש־אויגן אין דער אָפענער הויף־טיר.

האָט מיך דען עמעצער באַגלייט דורך דעם פינצטערן קאָרידאָר? האָב איך דען גערעדט צו אַ פרוי און מען האָט מיר נישט געענטפערט?

דאָס איז דאָך אויסטראַכטעניש. איך בין דאָך אַליין דערגאַנגען צום הויף!

איך בין געשטאַנען ביי דער שוועל און געהאַלטן די האַנט אויף דער טיר.

עפּעס מוז זיין אין דעם הייסן ים־ווינט וואָס פאַרוועבט מיך איז מי־ראַזשן? אפשר איז דאָס אַ פאַטאַמאָרגאַנאַ — אַזאַ וואָס אַנטפּלעקט זיך נישט אויף רחבותדיקע פלאַכן, אין מדבריות, נאָר גראָד אין געקנויל פון פינצטער־ניש, אין רגעס פון מידקייט.

איך האָב אָפּגעווישט דעם שווייס פון מיין פּנים און נאָכאַמאָל זיך אויס־געקערעוועט צו דעם גרויסן הויז.

אין דער אָפענער טיר זענען געשטאַנען צוויי קעץ. איך בין צוגעגאַנגען צום קאָרידאָר און געזוכט די אינעווייניקסטע טיר. איך האָב גלייך אָפּגעפּו־נען דעם עלעקטרע־שאַלטער. עס איז ליכטיק געוואָרן. און אויסטערליש! — איך האָב דאָרט קיינעם נישט געזען. עס זענען דאָ בכלל קיין טירן נישטאָ. די ווינונגען זענען נאָר אויף די אייבערשטע שטאָקן. ווייסעך־וואָס — אַ חלום וואָס האָט אָנגעהאַלטן רגעס נאָר, אין סאַמע מיטן טאָג, אַ חלום מיט

אָפענע אויגן. אַ זעאונג וואָס איז אַן אָפּשפּיגלונג פון אַ פּאַסירונג מיט יאָרן צוריק אויף פינצטערע טרעפּ.

איך בין גיך צוגעגאַנגען צו דער הילצערנער שטוב און אויפגעעפנט די טיר. דאָס איז געווען אַן אַלטע סקריפּענדיקע טיר מיט לויזע, קלימפּערדיקע שויבן. ס׳קליינע קאָרידאָרל — באַשטעלט מיט אַלטע שענק, מיט אויסגע־בויגענע שטולן און הילצערנע קאַסטנס.

איך האָב דערהערט אַ הוסטן, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן פון אַ הייזעריק ברומעריי, און דערנאָך ווידער אַ הוסטן ווי ס׳וואָלטן זיך געראַנגלט צוויי זקנים, איינער וואָס הוסט און דער צווייטער וואָס כעסט זיך און ברומט. ביים דריטן טראָט, וואָס איך האָב געמאַכט, בין איך שטיין געבליבן אין אַ קליין צימערל. אויבן־אָן, ביי אַ וואַנט וואָס איז באַקלעפּט געווען מיט טאַ־פּעטן פון אַ שימל־קאָליר, איז אין אַן אייזערן בעט געלעגן אַן אַלטער מאַן מיט אַ רויטער באָרד. ער איז געווען איבערגעדעקט ביזן האַלדז, נאָר זיין רויטע באָרד איז געלעגן אויף דער קאָלדרע און איין האַנט, מיט לאַנגע גע־לע פינגער, האָט געמאַכט צו מיר פאַרשיידענע צייכנס.

איך בין געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן טיש, אויף וועלכן עס איז געלעגן אַן אָנקאָליריקע צעראַטע, און באַטראַכט דאָס צימערל. איך האָב געקוקט אויף דעם קרעדענס מיט די האַלב־געעפנטע שופלאָדן, אויף די מעשענע שבת־לייכ־טער, אויף די פּאַטאָס, אויף דעם געל געפעס.

אין שוואַרצן שפּיגל־ראָם איז געווען פאַרגליווערט אַ גרויסער וואַקסע־נער פלעק, אַ קיילעכיקער. אַז איך האָב זיך איינגעשפּיגלט, בין איך פאַרצי־טערט געוואָרן:

איך האָב דאָרט דערזען נישט מיין פּנים, נאָר אַ געל פּנים פון אַ טויי־טער זקנה! אַ לאַכנדיקע זקנה מיט ליים־שערבלעך אויף די אויגן. זי האָט געלאַכט מיט אַ טונקל אָנצייניק מויל.

אַז דער זקן מיט דער רויטער באָרד האָט גובר געווען דעם הוסט און אָנגעהויבן רעדן, איז מיין בליק נאָך אַלץ געווען צוגעשמידט צום שפּיגל פון דער וואַנט. אין שפּיגל־ראַנד האָב איך געזען ווי דער זקן באַוועגט די ביינער־דיקע פינגער. דאָס ווייזט ער מיר אַוודאי אָן אַ שטול, אַז כ׳זאָל זיך זעצן.

— אַדאַנק, אדוני...

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט און אַוועקגעלייגט ביידע הענט אויף דער צע־ראַטע. מיינע פינגער האָבן זיך געשפּילט מיט אַן אומגעלומפּערטער ים־מושל. איך האָב באַרירט די קאָרבן, געגלעט דעם ווייסן געשליף און דערביי אויפגע־נומען דעם שטילן מאָנאָטאָנעם ים־גערויש און דעם געזשום פון הייסן זאַמד־

ווינט. דער ניגון קומט פון די זשאַוועד־בלעכן וואָס פאַרהאַלטן די זאַמד־וואַלקנס.

— איך דאַרף צו דער מאַדאַם דאַראַ... האָב איך געטראַפן?...

דער אַלטער האָט אַ באַרואיקטער געשאָקלט דעם קאָפּ.

— וואַרט אַ פּאָר רגעס. איר האָט געטראָפן. באַלד קומט זי...

ער האָט מיך באַטראַכט מיט גרויסע אַרויסשטאַרנדיקע אויגן. אַז איך האָב געקוקט צום פענצטערל האָב איך געזען דעם ים און איבער דעם ים אַ וואַקסענעם הימל.

— עס איז היינט אַ שווערער טאָג, אַ חאַמסין. — האָב איך געזאָגט און געוויזט די מושל.

זי האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער אויער און איך האָב גערעדט צום מושל־אויער רייד וועגן וועטער, וועגן דעם שיינעם אַלעאַנדער וואָס איז אַזוי פאַרצערט געוואָרן. כ׳האָב דערביי באַטראַכט די בילדער: יונגע מענטשן אין ווייסע העמדלעך, אַ מאַן אין פעלד ביים שניט. צוויי יונגע מענטשן ביי אַ קליין קיילעכדיק טישל. אויפן שפּיגל האָב איך מער נישט געקוקט. איך האָב די גאַנצע צייט אָפּגעוואָנדן מיין בליק פון דער שווערער, געשניצטער, שוואַר־צער שפּיגל־ראַם. אויף טייל ערטער האָבן זיך אָפּגעקלעפּט די טאַפּעטן און עס האָבן אַרויסגעקוקט נאַקעטע ווענט פון נישט־געהובלטע ברעטער.

— ווען איז די מאַדאַם דאַראַ געקומען צו פאָרן? וועט זי דאָ לאַנג בלייבן?

ער האָט זיך געוואָלט אויפהייבן נאָר דאָס הוסטן איז אים באַפאַלן. גראָד האָב איך דערהערט טריט און אין שטוב איז אַריין אַ טונקל־געקליידטע פרוי. זי האָט געהאַלטן אין איין האַנט אַ האַלב ברויט און אין דער צווייטער — אַ קליין פאַפּירן טאַרבעלע.

זי האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ גרוי פאַרלאָשן פּנים.

אין צימערל איז געוואָרן אַזוי שטיל אַזש מיר האָט זיך געדוכט, אַז כ׳הער דעם סודותדיקן גערויש פון דער ים־מושל.

אַזאַ גערויש פלעג איך הערן אין די פריִע יינגל־יאָרן ווען איך האָב צו־געלייגט אַ מושל צו מיין אויער.

די פרוי האָט אַוועקגעלייגט דאָס ברויט אויף דער צעראַטע און מיר האָבן עס אַ ווײַלע באַטראַכט. דערנאָך האָט זי אויפגעהויבן די אויגן און איך האָב דערזען דעם שאַרפן בלענד פון די גרויסע, אַרויסשטאַרנדיקע, שוואַרצאַפּל.

זי איז געווען נאַכלאַזיק געקליידט, די האָר צעווינטיקט, די ברעמען צע־שויבערט, צונויפגעוואַקסן מיט אַ טונקעלן האָר־מאָך און דער רונדיקער שטערן לייכט געקאָרבט פון צעריסענע קנייטשן.

דאָס איז אַ פּנים פון אַן אַלמנה אין די ערשטע וואָכן פון טרויער. זי האָט געטראָגן דעם טרויער מיט אַזאַ זעלבפאַרשטענדלעכקייט ווי די אַוונט־וואָלקנס וואָס טראָגן דעם אָרעמען שיין פון אַ פאַרגייענדיקער לבנה.

— אַנטשולדיקט. איך בין אַזוי אומגעריכט געקומען צו אייך. — האָב איך שטיל געשעפּטשעט.

— מען האָט מיר געזאָגט אַז איר וועט קומען. איך האָב געוואַרט...

איר שטים איז געווען פול מיט טרויער. אַזוי רעדן מענטשן אויף נאָכטיקע רעגן־פעלדער אין שפּעטן האַרבסט.

— זענט איר דאָס פרוי דאָראַ?

זי האָט געשמייכלט.

דאָס איז געווען דער ערשטער שמייכל וואָס איך האָב דערזען אויף איר פּנים. די לייכטע קאַרבן אויף איר שטערן זענען פאַרשוווּנדן און איך האָב פּלוצים דערזען יענעם קאָקעטישן אויפצאַפּל וואָס איז שוין אויף דער גרענעץ פון פאַרגייענדיקן פרויען־חן און אַלטקייט. איך האָב דערקענט, אַז זי פאַרשט די רעזולטאַטן פון איר מיפולן געלעכטערל. אַ געניט פרויען־אויג האָט געוואָרט אויף דעם קלענסטן וויבריר פון מיינע פּנים־מוסקולן.

ווען איך האָב אויפגעהויבן מיין בליק צום ים האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז כ'זע דאָרט אַ מעווע וואָס קען נישט דערגרייכן צום מאַסט פון אַ שווימענדיקער שיף. וואָס וועט זיין? ווו וועט זי אויסרוען די מילדע פליגל?

— עס איז הייס... מען זעט פון דעם פענצטער אַ שטיק ים... תמיד קומט פון דאָרט אַ קיל ווינטל, נאָר היינט טראָגט זיך אַזאַ הייסער אָטעם...

זי האָט אויך געקוקט צום פענצטערל און געשוויגן.

איך האָב פאַרדעקט מיט דער האַנטפלאַך דעם מושל. זאָל אויפהערן דער מושל־געוויש!

— זעט איר די מעווע? אָ, ווי ווייט זי איז שוין פון ברעג? וואָס זוכט זי אין דעם טרויעריקן ווייטן ים?

איך האָב זיך געחידושט אויף מיינע פראַגן. צו וועמען זענען זיי דען געווענדט? איך בין דאָך געקומען נישט צו קוקן פון דעם אַלטן פענצטערל אויפן ים און סתם ריידן וועגן זאַכן וואָס בינדן זיך נישט.

אָ, דער הייסער ים־ווינט!

— אַנטשולדיקט. איך בין אַזוי...

די רויטע באָרד פון זקן און די געלע קנאָכיקע פינגער. דאָס וואַקסענע פּנים דאָס פאַרגליווערטע אין שפּיגל. דער פאַרדאַרטער אַלעאַנדער, די טרויעריקע פרוי און דער לעצטער אויפצאַפּל אויף דער גרענעץ פון פאַרגאַנג. דער טיש מיט דער צעראָטע. די קעץ. די פרוי אויף די פינצטערע טרעפּ. איך האָב

דאָס אַלץ דערזען אַזוי שאַרף, אַזוי נאָענט און איך בין אַריינגעוועבט געוואָרן אין דעם אַלעם מיט פעדעם וואָס איך קען נישט צערייסן.

— קענט איר מיר שענקען אַביסל צייט? מיר וועלן האָבן אַ קורצן שמועס.

און ווידער האָט זיך אַ וויג־געטאָן דער ים־פלאַך און איך האָב געשעפּ־טשעט צו איר: — אָ, איר זעט דעם פויגל? ער איז שוין ביים ברעג. ער רוט אויף די וועלן...

זי האָט ווידער געמאַכט אַ פאַרצווייפלטן פרווו צו שמייכלען. איך האָב דערפילט אַ לאַקנדיקע שרעק. כ׳האָב געוואָלט וואָס גיכער אַוועקגיין פון דאָ־נען און אין דער זעלבער צייט האָט עס מיך געצויגן צו דער דאָזיקער פרוי.

דאָס אויפגעשניטענע ברויט איז פריש און די זאַטע ברוינקייט פאַרהיי־מישט אונדז ביידן.

— ווייסט איר פאַרוואָס איך האָב אייך געוואָלט זען? איך וויל וויסן וועגן אייערע בערלינער יאָרן. איר פאַרשטייט מיך זיכער. עס קען זיין, אַז איך וועל וועגן דעם געשפּרעך שרייבן. „אייערע יאָרן״ — מיין איך נישט נאָר אייך אַליין, אויך יענעם מאַנס יאָרן.

איך האָב נישט געוואָלט אָנרופן דעם נאָמען און געוואָלט, אַז זי אַליין זאָל דאָס טאָן. און איך האָב דערפילט אַ דאַנקבאַרקייט צו מיר וואָס איך האָב דעם נאָמען נישט אַרויסגערעדט. איך האָב די דאַנקבאַרקייט אירע דער־פילט אין דעם לייכטן פינגער־באַריר אונדזערן אויף דער געשליפענער זייט פון דער מושל.

— אַנטשולדיקט וואָס איך האָב געזאָגט „יענעם מאַנס יאָרן״. דערלויבט מיר אָנרופן דעם נאָמען און ריידן אָפן.

זי האָט מיט אַ קאָפּ־שאָקל אויסגעדריקט איר הסכמה.

— איר זענט די פרוי פון פראַנץ קאַפקאַ?

זי האָט צוגעשלאָסן די אויגן און די פאַלדן אויפן שטערן זענען אומרו־איק געוואָרן.

— איך וועל מער נישט שטעלן קיין שום פראַגן.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט.

— איר דאַרפט דאָס נישט טאָן, יונגער מענטש. איין רגע, איך קום באַלד.

איך האָב געטרונקען די טיי און געהערט ווי זי פּאָרעט זיך אין קיכל. דערנאָך האָב איך געהערט דעם געסקריפּ פון אַ זייטיקער טיר. די טיר האָט זיך געעפנט לעבן דער קרעדענס און זי איז פון דרויסן געוועזן באַקלעפּט מיט מאַט־ברוינע טאַפּעטן. כ׳האָב זיך געחידושט וואָס דער טיר האָב איך ביז איצט נישט געזען.

ווען דאָראַ האָט זיך אָוועקגעזעצט אַנטקעגן מיר אין אַ געפּלאַכטענער שטרוי־שטול, האָב איך נישט דערזען קיין שום ענדערונג אין אירע קליידער. די זעלבע שוואַרצע בלוזע, דער טונקעלער ראָק. איך האָב נאָר דערקענט אויף איר פּנים דעם ווייסן פּודער־שטויב און דערזען די זילבער־בראָש וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ באַלויכטענער שפּינגעוועב פון דינע זילבער־פעדעמלעך.

— איך זע אַז איר ווונדערט זיך אויף מיין אויפהאַלט אין דעם צריף. עס וועט שווער זיין צו שמועסן אויב איר וועט נישט וויסן ווי אַזוי איך קום דאָ אַהער.

איצט שמייכלט זי שוין אָפן.

— דאָס איז דער פּאָטער פון מיינעם אַן אַלטן גוטן פריינד. ער איז אין אַ קיבוץ. איך וועל זיך דאָ אויפהאַלטן עטלעכע טעג. מיר זענען נאָך נאָענט געווען אין פּוילן, דערנאָך אין בערלין און דאַן איז געקומען פראַנץ. ווען נישט די באַגעגעניש וואָלט איך געווען איצט אין ישראל מיט מיין פריינד. ער איז אין גליל, אַ וויינגערטנער אין אַ קיבוץ. מיר האָבן זיך אַ סך יאָרן נישט געזען. זיין פּלוצים אַוועקפאָרן און מיין בלייבן אין בערלין האָבן אַ שייכות...

איך האָב געזען ווי דער אַלטער ווערט אומרואיק. כ׳האָב דאָס דערקענט לויט די ציטערנדיקע פינגער.

— עס וואָלט אַלץ געווען אַנדערש... כ׳זע זיך אָפּטמאָל אויף די פעל־דער פון גליל. עס איז אָבער געקומען עפּעס אַנדערש; אַ קליין צימערל אין אָרעמען קוואַרטאַל פון בערלין. אַ נאַפט־לאָמפּ וואָס ברענט אויף דעם שרייב־טיש. אַ, ווי פראַנץ האָט ליב געהאַט צו שרייבן ביים נאַפט־לאָמפּ. איר ווילט וויסן דעם אָנהייב? — זי האָט אויסגעשטרעקט אַ קליינע טונקעלע האַנט און איר אַ ווײַלע געהאַלטן פאַר זיך ווי זי וואָלט געוואָלט איינהאַלטן דעם גע־לויף פון אַ טונקעלער קאַטש אויף אַ נאַכטיקער גאַס.

— דאָס איז שוין אפשר באַקאַנט? אַ יונגע פּרעבליסטין פון „אָסטן" מיט קינדער אין אַ סקווער ווו ס׳וואַקסן טרויעריקע קאַשטאַנען. אַן אַדורכ־גייער בלייבט שטיין און ביידע קוקן זיך אָן, די פּרעבליסטין און דער יונגער מאַן. עדות פון דער באַגעגעניש זענען געווען די קינדער און די נאַקעטע, קוים־שפּראָצנדיקע פרילינג־ביימער. דאָס איז געווען דער אָנהייב. אין דעם קעגנ־זייטיקן בליק איז געווען אַלץ. דער אויפבלי און גלייכצייטיק דער אָנזאָג פון סוף. דערנאָך האָב איך מיטגעוואַנדערט מיט קאַפקאַן אויף אַלע פאַר־הערן ביי די ריכטער פון אייביקן פּראָצעס. איך האָב זיך געשלענגלט אויף די שמאָלע טרעפּ, אין שטויב, אין ענגשאַפט, אין אָרעמקייט, צווישן טונ־קעלע ווענט, אין לאַנגע אומענדלעכע קאָרידאָרן האַלב־פינצטערע. מיר האָבן

זיך אָנגעשלאָגן די קעפּ אָן די נידעריקע סופיטן... איך האָב אָנגעגאָסן נאַפט אין דער לאָמפּ און זיך געבריט די פינגער ביים אַרומשניידן דעם אָפּגעברענטן קנויט. ניין, נישט נאָר די קנויט איז פאַרקוילט געוואָרן. איך בין שוין קיינ־מאָל נישט אַרויס פון דער וועלט וואָס ע ר האָט באַשאַפן. דאָס איז אַ רעאַלע וועלט! אַזאַ איז זי ביזן היינטיקן טאָג. מען וויל איר פאַרפּוצן, דע־קאָרירן. דאָרט, אין יענעם צימערל, ביים שיין פון דער נאַפט־לאָמפּ האָט ער אַנטדעקט די אמתע וועלט. דאָס איז זי! זעסטו נישט דעם פאַרמשפּטן גיין אויף די גאַסן פון אַלע שטעט פון אונדזער ערד? ביסטו דען נישט אַליין אַ פאַרמשפּטער? מיר איז דאָ גוט, אין דעם קליינעם שטיבל, צווישן די מעשענע לייכטער, אַלטע טאַפּעטן־ווענט און דעם שפּיגל מיט דער שוואַרצער ראַם. דאָס איז דער אמת? אַזאַ איז דאָס פּנים פון דער וועלט. אַלדאָס איבעריקע איז פאַרפּוצונג, ליגן פאַרקליידטער, דעקאָראַציעס פון אַ ביליק וואַנדער־טעאַ־טערל.

זי איז צוגעגאַנגען צום זקן און אָנגענומען זיין האַנט.

— מיין פריינדס פאָטער איז פון „אָסטן“. שוין פערציק יאָר אין דעם לאַנד. אַז איך קוק אויף אים זע איך פּראַג. אַזוי האָט אויסגעזען פּראַגנצס פאָ־טער. אומעטום באַגעגנט מיך יענער אומעט. אין זשאַוועך פון די בלעך־צוי־מען, אין די וואָלקנס שטויב. איך באַוועג זיך אין אַ לאַבירינט פון טרעפּ און טירן, פון ענגע הייף. אויך אייך האָב איך שוין ערגעץ געזען. יאָ, איך האָב אייך באַגעגנט. אפשר זענט איר געקומען מיט אַ העפט לידער צו קאַפקאַן? און אפשר האָט איר זיך פאַרנויגט פאַר אונדז אויף איינער פון די פּראַגער גאַסן? האָט איר זיך אַמאָל נישט אָפּגעשטעלט פאַר אַ בלייכן דערשראָקענעם יונגן מענטש און געשטאַמלט וועגן אייביקייט און שיינקייט ווען אַלץ זינקט אין פינצטערניש? איר ווונדערט זיך? איר ווילט זאָגן אַז נישט איר זענט דאָס געווען! דאָס איז נישט וויכטיק. אַזעלכע ווי איר קען איך. איך קען. אַזוי ווי כ׳קען די קאַשטאַן־ביימער די בליִענדיקע און די וועלקנדיקע. כאַ־כאַ־כאַ... זייט נישט בייז. איך האָב אייך נישט געמיינט צו באַליידיקן...

ווידער האָב איך דערשפּירט אירע קילע פינגער. איך האָב צוריקגעצויגן מיין האַנט. מיט יעדער מינוט איז פּרוי דאָראַ געוואָרן אַלץ מער און מער פּאַטעטישער.

איך האָב דערקענט. אַז די דאַזיקע רייד רעדט זי נישט צום ערשטן מאָל. זי האָט זיך נישט באַמיט ביים צונויפשטעלן די זאַצן. אַזוי רעדן מענטשן אויף דער בינע ווען מען זעט זיי שטייענדיק נאָענט ביי די פאַרהאַנגען. זיי האָבן ליב די שאָטנס וואָס וויגן זיך פון לאָמפּן־אויפצאַפּל. דאָס שאַפט פאַר זיי דעם מיראַזש פון מענטשן.

דער אָוונט פאַלט־צו. איך שטיי לעבן טרויעריקן אַלעאַנדער. דער ים ליגט פאַר מיר אָפן. דאָרט וואַנדערן אַרום צעריסענע פיאַלעט־גרויע וואָלקנס.

מיט דריי יאָר שפּעטער.

איך שפּאַציר מיט מיין פריינד, וואָס איז מיט עטלעכע טעג צוריק גע־קומען פון לאָנדאָן. מיר גייען לענגאויס דעם ים־ברעג און שווייגן. עס איז גוט צו שפּרייזן אויף דעם פייכטן זאַמד. איך האָב ליב צו זען ווי די אָנקומענ־דיקע כוואַליעס פאַרווישן אונדזערע פוס־שפּורן.

ווען איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום יפוער האָפן האָב איך געזען ווי עס דערנענטערט זיך פון דאָרט אַן איינזאַמע טונקעלע שיף מיט איין־און־איינציקן מאַסט. די שיף איז געשווומען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעל־קייט.

— לאָמיר אויף איר וואַרטן — האָב איך געזאָגט.

אין האָפן האָט זיך שוין געצונדן און געלאָשן דער ים־לאָמטערן אויפן שטיינערנעם טורעם און נישט ווייט פון אים, האָט זיך אָנגעזען דער אַלטער יפוער מינאַרעט.

— דאָס איז נישט קיין שיף. ס'איז אַ שאָטן פון אַ שיף. עס טרעפט, אַז די כוואַליעס רייסן אָפּ דעם שאָטן פון אַ שיף און פאַרטראָגן אים אויף מיילן ווייט.

— זעסטו נישט דעם מאַסט? — האָב איך געפרעגט.

און אין דער רגע איז אויפן האָריזאָנט, קעגנאיבער אונדז, דורכגע־שווומען די שאָטן־שיף.

ווי פון די כוואַליעס אַרויס האָט זיך אָפּגעריסן אַ מעווע און גענומען שוועבן צו דער שיף.

טרויעריקע פויגל־פליגל באַלויכטענע פונעם זון־פאַרגאַנג און אַ מאַסט פון אַן אומבאַקאַנטער שיף.

אַז איך האָב אַ קוק־געטאָן צו די הייזער פון ברעג און געזען די רוקנס פון די הייזער פון דער ירקון־גאַס איז מיר געקומען אין זינען די באַגעגעניש מיט דער פרוי דאָרא דימאַנט.

— דאָרט, אויבן, אין איינע פון די הילצערנע הייזער, האָב איך באַגעגנט די פרוי פון פראַנץ קאַפקאַ.

— זי איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן מיט אַ וואָך צוריק. כ'האָב געלייענט אין אַ צייטונג עטלעכע שורות וועגן איר טויט. אַ האַרץ־אַטאַק.

— האָסטו זי געקענט? — האָב איך דערשטוינט געפרעגט.

— יאָ, איך האָב זי געקענט. זי האָט דערציילט וועגן קאַפקאַס

מאַנוסקריפּטן. דערנאָך האָב איך זי געזען אין ווייטשעפּל אויף די בינע־ברעטער. זי איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביי אַ טונקעלן פאָרהאַנג און פאַר־געלייענט אַ פאַרפּלאָנטערטן איינאַקטער. אין האַלב־ליידיקן זאַל זענען גע־זעסן אַלטע יידן פון ווייטשעפּל. יידן דרימלענדיקע אין טונקעלע קליידער מיט גרויסע וועסטן; ווייבער גוידערנדיקע מיט שלייערן ביז צו די אויגן. איי־נער, פון דער ערשטער רייע, האָט אַרויסגענומען פון דער וועסט אַ גרויסן זייגער מיט רוימישע ציפערן און צוגעטראָגן נאָענט דעם ציפערבלאַט צו די אויגן. די זילבער־קייט האָט אַ קלונג־געטאָן און עס איז געוואָרן שטיל. איר שטים איז פאַרשטיקט געוואָרן פון טונקעלן סופיט, פון די שווערע בענק און איך האָב נישט געקענט אויפכאַפּן דעם צוזאַמענהאַנג פון אירע רייד. איך בין אַוועק אין מיט פון איר פאַרלייענען. מיינע טריט האָבן געהילכט אין דער ליידיקייט פון זאַל. מען האָט מיר נאָכגעקוקט און איך האָב פאַרלאָזט דעם ווייטשעפּעלער זאַל ווי אַ באַשולדיקטער וואָס אַנטלויפט איידער מען טראָגט אַרויס אויף אים דעם אורטייל. אין פינצטערן קאָרידאָר האָב איך זיך אַרומגעקוקט און געהאַט דאָס געפיל, אַז עמעצער וועט מיך פאַרהאַלטן און איך וועל נישט קענען אַרויס פון דער פינצטערניש...

עס איז שוין נאַכט.

מיין פריינד איז אַוועק. איך בין איינער אַליין געבליבן אין מיט פון באַ־לויכטענעם ראָג.

גרויסע קינאָ־רעקלאַמעס. באַלויכטענע פון ראָז־גרינע נעאָן־ליכט. אַ לאַכנדיקע נאַקעטע פרוי און אונטן, ביי אירע פיס, טאַנצן מענער, גרויס ווי די קאַרליקעס. אַ דזשאַז ברעקלט זיך ווי מען וואָלט געשטויסן קרישטאָל־וואַזעס.

— דאָס איז אַ ליגן! — רוף איך צו זיך אַליין. — דער אמת איז דאָרט.

איך האָב צוגעשלאָסן די אויגן און געזען: די שאָטנשיף אויפן ים־האָ־ריזאָנט, דער איינזאַמער פלאַטערנדיקער פויגל, וואָס קאָן נישט דעריאָגן דעם מאַסט פון דער שיף וואָס עקסיסטירט אפשר נישט, דער פאַרוויאַנעטער אַלע־אַנדער, דער זקן מיט דער רויטער באָרד...

איך גיי איבער די נאַכטיקע גאַסן און דערזע זיך ווידער ביים ים. איך שלייך זיך דורך דעם פראַנטיקן הויז. דער הויף איז פּוסט. דאָס אַלטע הייזל איז שוין נישטאָ. עס זענען אויפגעבראָכן געוואָרן די בלעך־צוימען.

טונקעלע שטיינערנע טרעפּ פירן צו דעם אָפענעם נאַכטיקן ים.

דער אָוונט פֿאַלט דאָ צו אומגעריכט. דער שאָטן פֿון פֿאַרשטויבטן ציפּרעס ווערט מילד, ער פֿלעכט זיך צונויף מיט די צעריסענע שאָטנס פֿון אַ האַלב־פֿאַרטריקנטן מאַראַנצן־בוים, מיט אַ בלינדער וואַנט. אין הויף הענגט נאָך אַ שנור וועש. דאָס ליכט קומט איצט פֿון דער בלענדיקער וועש־ווייסקייט.

וויקטאָר זיצט אויף דער הויף־טעראַסע און קוקט אויף אַ פֿאַרקראַמפּטן איילבערט־שטאַם און אַ פֿעלדזן־שטיין. שוין עטלעכע וואָכן ווי ער האָט פֿון די יהודה־בערג געבראַכט אויף אַ לאַסטוואָגן דעם דאָזיקן שטיין. ווען ער האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון דער באַרגיקער ערד דעם שטיין, האָבן זיך אַנטפּלעקט נאַקעטע וואָרצלען פֿון אַן איילבערט, וואָס זיין שטאַם האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן שטיין. דער אונטערשטער טייל פֿון בוים איז געווען פֿאַרשרפֿהט און עס האָבן זיך נאָכגעהאַנגען עטלעכע צווייגן. זיי האָבן אויסגעזען ווי נאַקעטע וואָרצלען. זעט אויס, אַז דער זיתים־קרוין איז פֿאַרברענט געוואָרן פֿון אַ בליץ אָדער פֿון אַ פֿייער וואָס האָט אַוודאי דאָ געבושעוועט אין די חאַמסין־טעג, וואָרעם אין די הרי־יהודה צינדן זיך אָפֿטמאָל אָן די באַרג־שיפּועס באַזעצטע מיט דערנער. די זון איז אומברחמנותדיק צו יעדן פֿלאַנץ, בפֿרט צו די פֿאַראַיאָריקע דערנער, וואָס די ווינטער־ווינטן האָבן זיי נישט געקענט אַרויסרייסן מיט די טויטע וואָרצלען און זיי אַוועקטראָגן צו די וואַדיס ווו עס האָבן געבושעוועט די רויט־ליימיקע און זילבער־שוואַרצע וואַסער־שטראָמען. וויקטאָר האָט דעמאָלט אַ קוק־געטאָן אויף דעם איילבערט־שטאַם און געשעפּטשעט צו זיך, אַז קיין פּרוכט טראָגט ער סיי ווי נישט, און אויב אויף איינע פֿון די נישט־אָפּגעברענטע צווייגן וועלן זיך באַווייזן עטלעכע איילבערטן, וועט קיינער זיי נישט קומען צונויפֿקלייבן.

ווען דער פֿעלדזן־שטיין איז אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון דער ערד און די קייטן האָבן אים אַרויפֿגעשלעפּט אויפֿן לאַסטוואָגן, איז דער איילבערט געבליבן הענגען אַ נאַקעטער אויף ברוינע וואָרצלען.

דאָס איז געווען מיט עטלעכע וואָכן צוריק. איצט ליגן אין הויף דער שטיין און דער אַרומגעשניטענער איילבערט־שטאַם.

שוין די דריטע וואָך ווי וויקטאָר האָט אויפֿגעשטעלט דעם פֿעלדזן־ברוך אין הויף, לעבן זיין טעראַסע, און שטייט שעהן־לאַנג לעבן אים. ער קען נישט

אויפהייבן דעם האַמער צו געבן דעם ערשטן קלאַפּ אין דאָזיקן שטיין. ער שפּירט דעם געקריץ פון דער דלאָטע: דאָס ציטערט אַזוי זיין האַנט. ער דאַרף נאָר אויפהייבן דעם האַמער און געבן דעם ערשטן קלאַפּ. זאָל נאָר אָפּשפּרינגען דער ערשטער שפּליטער וואָס זאָל אַנטפּלעקן דעם שטיינס האַרץ. ער וועט דערזען דעם געפּלעכט פון אַן אויסגעלאָשענער שוועבל־קאָליר־מאַסע מיט דיינע, קוים־זעעוודיקע ראָזלעכע אָדערן, ענלעכע צו די אָדערן וואָס באַציִען אויגן־ווייסלען. אָ, ווי ער קען שוין דאָס אַלץ! הונדערטער שטיינער האָט ער אויסגעפּרוווט ביז ער האָט זיך פאַרהאַלטן פאַר אָט דעם פעלדז. ער זעט אויס ווי אַ מעטעאָר־שטיין. און אַז זיין האַמער־קלאַפּ איז דעמאָלט צוריקגעשפּרונגען, ווי דער שטיין וואָלט דאָס אייזן צוריקגעשנעלט, און ער האָט דערהערט דעם גוט־באַקאַנטן קלאַנג — אַ קלאַנג ווי פון אַ קופּער־גלאָק — איז אים קלאָר געוואָרן אַז דאָס איז עס.

די שנור וועש האָט זיך אַ וויג־געטאָן און עס איז דערגאַנגען צו אים דער ריח פון פרישע וועש און פון פרויען־לייב. דאָס איז געווען אַזאַ רויער ריח ווי פון נאַקעטע וואָרצלען, ווי פון גראָזן אין אַ טוי־נאַכט. דאָס איז גאַזעל — דאָס דינסטמיידל פון ערשטן שטאָק. זי האָט קופּערנע האָר, פאַרוויקלטע, פאַרפּלאָנטערטע ווי אַ פלאַם וואָלט זיי פאַרקראַמפּט, אונטערגעצונדן און זיי נישט פאַרברענט. דאָס פּנים אירס איז באַזעצט מיט זומער־שפּרענקעלעך; גרויסע, ברוינע, ראָזע ווי רייפער צוויט פון מאַנדל־ביימער וואָס דער ווינט טראָגט אין די פרילינג־פאַרנאַכטן.

— וואָס האָסטו היינט אויסגעהאַקט אין שטיין?

אויף איין אַקסל ליגט דער שטויס וועש; אַ ליילעך, האַנטעכער און אַ ראָזלעך נאַכטהעמד מיט בלאָע שפּיצן.

זי וויל לאַכן און קען נישט, נאָר אירע אויגן שמייכלען און די פינגער גלעטן דעם שטיין. זי האָט ברוינע אָרעמס, לאַנגע, מילדע, מיט מוסקול־אויסבויגן וואָס ליכטיקן.

— אַזאַ גרויסער שטיין?...

זי איז פול מיט חידוש. עס וווּנדערט איר דער שווייגנדיקער מענטש וואָס קוקט אַזוי אויף איר. ווען נישט די גוטע אויגן זיינע וואָלט זי זיך נישט אָפּגעשטעלט. אַן אויסטערלישער מענטש איז דאָס. וויפל מאָל זי לויפט נאָר נישט פאַרביי די טרעפּ קוקט זי אויף זיין טיר. זי וואָלט געוואָלט אַריינגיין צו אים און באַטראַכטן פון דער נאָענט די אַלערליי שטיין־פיגורן וואָס דאָס קליינע צימערל איז פול מיט זיי.

טייל מאָל דערגייען צו איר האַמער־קלעפּ און עס ווערט שטיל. דעמאָלט וואַרט זי אויף עפּעס. זי שלייכט זיך אַ באָרוועסע אויף די טרעפּ און די קיל־

קייט פון שטיין איז גוט צו איר. פאַר זיין טיר פאַרהאַלט זי זיך און אָטעמט שווער. וואָס טוט זי אויף די טרעפּ און צינדט נישט אָן דאָס ליכט פון די שטיגן?

וויקטאָר האָט טרויעריקע אויגן. ניין, נישט קיין טרויער איז דאָס וואָס בעט גנאָד — דאָס איז דער טרויער פון מידע פעלדער, פון איינזאַמעביימער ביי דער קרייצונג פון וועגן — זיי זענען גרינלעך־מאַט אַזוי ווי די איילבערט־פּירות.

פאַרוואָס רעדט נישט דער מענטש צו איר?

גאַזעל האָט אים געפרעגט וועגן שטיין, וועגן איילבערט־שטאַם און וויקטאָר שווייגט. און אַז זי גייט אַוועק פון הויף מיט די וועש, דאַכט זיך איר, אַז זי האָט געהערט זיין קול, אַז ער האָט מיט איר גערעדט און זי ווייס איצט אַלץ וואָס זי האָט נאָר געוואָלט וויסן. יאָ, עס זענען דאָ מענטשן, וואָס כאָטש זיי שווייגן, זענען זייערע אויגן אַזעלכע אָפענע און קלאָרע און דו געדענקסט שפּעטער נישט אויב די מענטשן האָבן געשוויגן. ביסט זיכער, אַז דו האָסט געהערט זייערע רייד, ווייסט אַפילו וואָס זיי האָבן דיר געזאָגט און עס גייט דיר נאָך זייער אויפגעבונדענע שטים.

אפשר דערפאַר איז גוט געווען גאַזעלן צו שטיין לעבן וויקטאָרס טיר?

עס איז שוין נאַכט.

דאָס זייטיקע געסל איז האַלב־ליידיק. אויף די באַלקאָנען איז ליכטיק. גאַזעל גייט צו דער אויטאָבוסן־סטאַנציע. אויף די לעצטע שטיגן פאַרהאַלט זי זיך. וויקטאָר צינדט נישט היינט קיין ליכט. דער אויטאָ גייט באַלד אָפּ, זי פאָרט אַהיים, קיין יפו. מאָרגן פאַרטאָג וועט זי ווידער קומען. די פינצטערניש אין וויקטאָרס צימערל באַרואיקט איר. זי האָט ליב אַז עס איז אין די אָוונטן טונקל אין זיין וווינונג. גאַזעל קען אָבער נישט אַוועק פון די לעצטע טרעפּ. נאָך מיטאָג האָט זי געהערט עטלעכע שווערע האַמער־קלעפּ. אפשר זענען די קלעפּ געקומען פון דער שכנותדיקער גאַס וווּ מען בויט אַ ניי הויז? ניין. דאָס זענען געווען די ערשטע קלעפּ אין שטיין. זי וויל דאָס וויסן, זי מוז וויסן אויב וויקטאָר האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט מיט דעם שטיין.

גאַזעל גייט אַ באַרוועסע איבערן הויף. אָט איז דער פאַרקראַמפּטער איילבערט און זיין אומהיימלעכער שאָטן, און אָט איז דער שטיין. ער זעט אויס אין דער נאַכט ווי אַ מדבר־גייער וואָס האָט זיך פאַרהילט אין אַ פינצטערן וואָלקן.

גאַזעל קניט פאַר דעם שטיין און מיט ביידע הענט נעמט זי אַרום דעם וואַרעמען פעלדז. אירע פינגער זוכן די סימנים פון די שטיין־קלעפּ און זי

געפינט זיי נישט. אַ, ווי געשליפן איז ער! וויפל שלאַקסן, וויפל שטורעמס האָבן דאָס געשליפן דעם דאָזיקן ווילדשטיין?

גוט וואָס עס איז פינצטער. שלאָפט ער שוין?

זי שטייט אויף די פינגער־שפּיצן און קוקט צו די פּאַרלאַשענע שויבן; שאָטנס פאַרפלאָכטענע, פאַרוויקלטע מיט צווייגן און צווישן די שאָטנס אַ פייער־פונק אַ באַוועגלעכער ווי אַ גליִענדיק אויג — דאָס איינציקע אויג פון די אַלערליי שטיינערנע קעפּ.

ביים אַרויסגאַנג פון הויף האָט זיך גאַזעל אָנגעשטויסן אויף דער שכנטע פון פערטן שטאָק, מיט ניפאָן.

ניפס פּאַרפומען־ריח האָט גאַזעלן געמאַכט הכנעהדיק.

— לילה טוב, ניפ.

גאַזעל האָט איר אָנטקעגנגעטראָגן דעם „לילה טוב“ און ווי אַ שאָטן נעלם געוואָרן. זי האָט נאָר געהערט ניפס געלעכטער, אַזאַ שפּאָטיש געלעכטער וואָס איז איר נאָכגעלאָפן אַזש ביז צום אויטאָ. אַהאַ, די ניפ, די דאָזיקע פריזירערין מיטן וויגנדיקן גענגל! זי וועט איצט אַוודאי אָנקלאַפּן צו וויקטאָרן און ווייזן אים די ווייסע ציין און דעם אַרויסשטאַרנדיקן בוזעם. זי וועט זאָגן: „גאַזעל שטייט פאַר דיין טיר און דו שלאָפסט“... זיי וועלן לאַכן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און צו מאָרגנס וועט גאַזעל דערקענען דאָס געלעכטער אין ניפס קליינע מוטנע אויגן.

זי וויל וויינען. די טרערן זענען שוין אויבן־אויף. דער אויטאָ לויפט אי־בער די יפוער געסלעך. נאָך אַ ווײַלע און גאַזעל וועט אַראָפּשליידערן פון זיך דעם אומרו, דעם שפּאָט־בליק פון דער קליינער אויסגעפּוצטער ניפ פון וועל־כער עס טראָגט זיך אַזאַ אויפרייסנדיקער פּאַרפומען־ריח.

גאַזעלס היים געפינט זיך אויף דער גרענעץ צווישן יפו און דזשעבעליאַ, ערגעץ לעבן דער בלינדער שטיין־וואַנט פון אַ קאַטוילישן בית־הקברות. אַז מען גייט לענגאויס די שמאָלע ווענט זעט מען אַרויס די שפּיצן פון צלמים, די גיפּסענע קעפּ פון באַקראַנצטע מלאכים מיט צעשפּרייטע פליגל. נישט ווייט פון דער מויער האָט דער איין־אויגיקער סאַלים חאַדאַד די שענק. באַלד נאָך דער שענק הייבט זיך אָן דער אָפענער שטח און עס טראָגט זיך פון דאָרט אַ זאַמד־שטויב. דער ווינט קומט פון ים. ער איז אַזוי נאָענט דער ים, אַזש מען שפּירט זיין אָטעם.

עס איז איר גוט צו פילן די שאַרפע ים־קילקייט. אַ שוואַרץ־צעוויגטע פלאַך מיט גראַנאַט־זילבערנע שוים־קעפּ וואָס טויכן אויף און פאַרגייען. צווישן די שוים־קעפּ ראַנגלט זיך אַ פּאַרלאָשן שיפל.

אין חאַדאַדס שענק ברענט אַ רויט ליכט. דער אָפּשיין פון רויטן ליכט

פאַלט אומהיימלעך אויף דעם בית־עולם־געסל. די פליגלען וואָס קוקן אַריין פון יענער זייט מויער זענען רויט.

נאָך עטלעכע טריט און זי וועט באַלד זיין אין שטוב. שפּעט ביינאַכט. אַז זי וועט שטיין מיט איר בחור ביים טירל פון הויז, וועט ער איר זאָגן:

— זעסט, גאַזעל, דאָס רויטע ליכט אין חאַדאַדס שענק? און דעם ים, אונטן, זעסטו? און דאָס טונקעלע שיפל מיט די פאַרוויקלטע לייוונטן זעסטו נאָך נישט, ווייל עס איז ווייט. דאָס אַלץ האָט אַ שייכות צו זיך. אַז עס וועט זיך אויסלעשן אין חאַדאַדס שענק דאָס רויטע ליכט וועל איך לויפן באַגעגענען דאָס שיפל. דערווייל האַלט עס זיך אויף אין נאַכטיקן ים. דעמאָלט וועט מען שוין קענען לויפן צום ברעג.

ער וועט איר אַריינלאַכן אין פּנים אַריין און ווילן־אונגעריש אונטערפייפן דעם ניגון פון אַן אַמעריקאַנער קינאָ־לידל. זי קען שוין דאָס אַלץ ביז יעדן קלענסטן פּרט.

צו מאָרגנס וועט סאַלים חאַדאַד שפּעט עפענען די שענק. זיין ווייב וועט אַרויסקוקן פון פענצטער מיט אַן אָנגעשוואָלן פּנים. אירע באַקן זענען רויט־געפאַרבט און די ברעמען אויסגעראַזירט, אַזוי שמאָל, ווי די אויסגעבויגענע פאַרברענטע נאָדלען.

— היי, גאַזעל, קום אַהער! דו גייסט באַדינען די „שיקינאַזים״? צו וואָס דאַרפסטו דאָס? דער נאַכטיקער ים קען דיך אויך האָדעווען?...

איצט, אין דער פרי, זענען די פליגלען פון באַקראַנצטע בית־עולם־מלאכים ווייס און מילד ווי פליגל פון טויבן. מירמל־קעפּ האָבן זיך ווי אויסגעבויגן און קוקן צום ווייטן ים. די שטיינערנע מויער האָט שיינע אייזערנע טויערן. אַ שווערער לאַסטוואָגן קלינגט מיט לויזע קייטן און אַט־אַט וועט ער אַרויפפאַלן אויף די בייכיקע בית־עולם־ווענט.

ווען גאַזעל איז דאָס ערשטע מאָל געקומען אין דער גאַס, צו דער משפחה לאַפּעק, האָט זי צוערשט אָנגעקלאַפּט אין דער אונטערשטער טיר פון פאַר־טער. זי האָט געהאַלטן אַ פּאַפּירל און עס געוויזן וויקטאָרן. דאָס איז געווען דער אַדרעס. דורך דער האַלב־געעפנטער טיר האָט זי דאָס ערשטע מאָל דער־זען שטיינערנע קעפּ און זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם בית־עולם, אָן די קעפּ פון די מלאכים וואָס זי זעט יעדן טאָג.

גאַזעל האָט נישט פאַרשטאַנען וויקטאָרס רייד. זי האָט נאָר אָפּגעפילט זיין ברוסטיקע שטים און אַ פאַרוויגנדיקן וואַרעמען אָטעם. אַז זי האָט אַראָפּ־געלאָזט די אויגן, האָט זי געזען זיין צעכראַסטעטע העמד און אַ האָריקע ברוסט. אירע קני זענען לויז געוואָרן אַזש זי האָט זיך געמוזט אָנהאַלטן אָן

דער וואַנט. דערנאָך איז זי תמיד פאַרבייגעלאָפן לעבן זיין טיר, לעבן דער טעראַסע, מיט צוגעשלאָסענע אויגן ווי זי וואָלט זיך נישט געטרויט צו פאַר־האַלטן אויף קיין איין רגע.

די זייטן־גאַסן אין צפון־קוואַרטאַל פון דער שטאָט תל־אביב האָט מען גערופן „די גאַס פון בליענדיקע מאַנדלען". כאָטש לויט דעם שילדל, ביי די ראָגן, האָט זי געטראָגן דעם נאָמען פון אַ שריפטשטעלער. געבליבן איז אָבער דער נאָמען אַזוי ווי מען האָט דאָס דאָרט גערופן ווען עס איז נאָך געווען אַ זאַמד־וועגל און פוןביידע זייטן האָבן געבליט מאַנדל־ביימער.

דאָס האָט געמוזט זיין אַ זעלטן בילד: אַ שטיין־פּלויט, אַ שיקמה־בוים און לאַנגע רייען בליענדיקע מאַנדל־ביימער; ראָזע בעפלען, זיידענע שלייערן און זון! בלאָע שאָטנס און וואַסער־ריטשקעס וואָס פליסן צווישן די ביימער.

דער דאָזיקער גרויסער מאַנדל־גאָרטן האָט געהערט צו אַ פּתח־תקווהער ייד. אַז ער איז געשטאָרבן האָבן די יורשים פאַרקויפט דעם גאַנצן באָדן מיט אַלע ביימער און דער נייער באַלעבאָס האָט אויסגעהאַקט די מאַנדלען און געפלאַנצט אַ וויינשטאָק. דאָס איז געשען אין די יאָרן ווען עס זענען אויפגע־קומען די וויינקעלערן פון באַראָן ראָטשילד און מען האָט געפאָדערט אויפן מאַרק ישראל־ווייַן. דערווייל האָט זיך די שטאָט אויסגעברייטערט און דער פּרייז אויף בוי־פּלעצער איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג — האָט מען אויסגע־האַקט דעם וויינשטאָק און פאַרצעלירט דעם שטח צו בויען הייזער.

דער נאָמען איז אָבער געבליבן: די גאַס פון בליענדיקע מאַנדלען.

שוין דאָס צווייטע יאָר ווי וויקטאָר וווינט דאָ. געקומען אין לאַנד אַריין איז ער נאָך דער מלחמה. די פריינד וואָס ער האָט דאָ געטראָפן, ווייטע קרו־בים פון זיין מוטער, האָבן פאַר אים אויסגעזוכט דאָס צימערל און מיט פּרנסה האָט ער זיך געמוזט ווי עס איז אַליין העלפן.

טייל מאָל האָט ער געאַרבעט ביי הייזער־בוי, טייל מאָל אין אַ צעמענט־פאַבריק. און אַז ער האָט אָנגעזאַמלט אַביסל געלט אויף צו קענען אויסקומען אַ פּאָר וואָכן, איז ער געבליבן אין שטוב און געקנאָטן פון ליים, אָדער גע־האַקט מיט דער דלאָטע אין שטיין. אַלץ וואָס ער האָט ביז איצט געמאַכט איז נאָר געווען אַ צוגרייטונג צו דעם וואָס ער דאַרף באַשאַפן.

וויפל מאָל ער איז נאָר נישט געשטאַנען אַנטקעגן דעם שטיין איז אים באַפאַלן אַן אומרו, דער אומרו וואָס פאַרקראַמפט די אָדערן און פאַרביי די אויגן ציִען זיך נעפּל־קאַראַוואַנען און יעדעס מאָל רייסט זיך אויף אַ פאַר־האַנג און דו דערזעסט אַ נאַקעט פעלד, אַ זאַמד־וועג, אַ פּנים פון אַ בעטלער. טייל מאָל פאַרכאַפּט דיך ווי אַ ווערבל־ווינט אַ זייטיקע פאַסירונג, וואָס האָט

אין דיין לעבן נישט געהאַט קיין שום האָפט: אַ גאַס אין קאַרגן ליכט פון אַ לאַמטערן מיט טויזנטער ליכט־פּלאַטערס און אַ מיידל מיט אַ פּייכט פּנים פון רעגן און אַ שיכור וואָס האָט זיך גראָד דורכגעשלייכט און געטראַסק פון מוזיק וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַן אויפגעעפנטער טיר. דו טרייבסט דאָס אַלץ פון זיך און וויפל דו זאָלסט עס נישט טרייבן קומען נייע, אויסטערליש אומגעריכטע זאַכן דיר אַנטקעגן. אַמאָל איז עס אין געשטאַלט פון אַ הונט וואָס איז האַסטיק צו דיר צוגעלאָפן און דו האָסט דערפילט ווי זיין קאַלטע פייכטע שוואַרצע נאָז באַשמעקט דיך, אַמאָל זעסטו זיך אויף אַ וואָקזאַל, דו באַגלייטסט עמעצן און דו קענסט זיך בשום אופן נישט דערמאָנען וועמען. אָ, איצט דערקענסטו שוין איר פּנים — דאָס איז דאָך געשען מיט לאַנגע יאָרן צוריק אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל. דער צוג גייט פּאַמעלעך און דו גייסט אים נאָך. זי פאָכעט צו דיר און דו לויפסט נאָך אַלץ נאָך דעם צוג. באַלד וועט ער פאַרשווינדן — און פּלוצים — דו מאַכסט צו די אויגן און פילסט ווי דו פאַלסט אונטער די באַן־רעדער. דו קורטשעסט זיך איצט איין פון שוידער און פילסט איצט דעם ווייטיק און די אויסלייזונג. עך, די נעפּל־קאַראַוואַנען! תמיד קומען זיי ווען דיין האַנט וויל געבן דעם ערשטן קלאַפּ אין דעם שטיין און אים אויפוועקן צום לעבן!

עס איז געגנוג אַז וויקטאָר זאָל זיך אַוועקלייגן אויף דעם בעט און צושליסן די אויגן ווי די נעפּלען פאַרגייען.

די אַרבעט אַלס מויערער האָט אים רואיק געמאַכט. ער האָט געפילט, אַז יעדער ציגל וואָס ער לייגט איז ווי אַ טייל פון דעם גרויסן וואונדערלעכן פּיעדעסטאַל אויף וועלכן עס וועט שטיין די פולקאָמסטע שאַפונג זיינע.

ער האָט געפילט אין זיינע הענט כוח און געהאַט גלויבן אַז זיינע פינגער וועלן נאָך עפּעס שאַפן. דאָס איז אָבער געווען אַ בלינדער כוח פון אַ שטראָם וואָס ריזלט אַראָפּ פון פאַרשנייטע בערג. ער רייסט זיך דורך שטיינצוימען, דורך באַרג־שפּאַלטן, דער צעשוימטער שטראָם־קאָפּ ווערט צעזעצט אָן פעלדזן און דערנאָך זאַמלט ער אויף ס׳ניי זיינע וואַסערן און רייסט אויף מיט דער וואַסער־ברוסט אַ וועג צום פלאַכלאַנד.

זיין גאַנץ לעבן איז געווען אַ בלינד זוכן אין איינזאַמקייט. צוערשט די יינגלשע האַלץ־שניצערייען, דערנאָך דאָס קנעטן אין ליים גיבורים וואָס רייסן זיך פון קייטן, בעטלער מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ביז עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און אין זיין רוקזאַק האָבן זיך געפונען עטלעכע בילדער פון זיינע ליים־פיגורן, אַ העמד, ציישונגס־אויסשניטן ווו מען דערמאָנט זיין נאָמען און די דלאָטע, וואָס דער מצבה־קריצער פון זיין שטאָט האָט אים גע־

האָט געשאָנקען — אַ דלאָטע פון האַרטסטן שטאָל. מיט דער דלאָטע האָט
ער אויסגעהאַקט, אין איינע פון די גרויסע שטעט ביי דער וואָלגע דעם מאָ־
נומענט פון אַ באַשטיוולטן געץ. ער שטייט נאָך אַוודאי, דער שטיין־געץ, אין
מיטן מאַרק. דאָס איז געווען אין דער מלחמה. מען האָט אים דערפאַר
געגעבן אַ צווייפאַכע נאָרמע ברויט. ער האָט אים געהאַקט פון טונקעלן באַ־
זאַלט־שטיין. אַ ריזן־פיגור אויף אַ גראַניט־פאָסטומענט. פון דעם דאָזיקן געצן־
פּנים איז אים גאָרנישט פאַרבליבן; נישט דער לאַנגווייליקער ערנסט פון אונ־
טער די אַנגעשוואָלענע שטיין־אויגן, נישט דער קורצער עקשנותדיקער שטערן,
נישט די אויגן־לעכער די אומהיימלעכע, דער לאַנגער שינעל, דער צונויפגע־
פּרעסטער צו וועלכן עס וואַגט זיך אַפילו נישט דערנענטערן דער ווינט און
די שטיין־שטיוול.

נאָך איצט, אין די שלאָפלאָזע נעכט, זעט ער זיך אַ קניענדיקן ביי די
טונקעלע שטיוול מיט דער דלאָטע אין דער האַנט. די דלאָטע וואָס האָט אויס־
געהאַקט די הייליקע נעמען אויף יידישע מצבות פון אַ דור וואָס רוט אויף אַ
בית־הקברות. ער דערמאָנט זיך ביז ווייטיק יענע דורכגייער וואָס זענען גע־
בליבן אַ ווײַלע שטיין — אָט־אָ די רוסישע מענטשן, די טרויעריקע באַאַמ־
טע, די הונגעריקע פּויערים, די פרויען פאַרהילטע אין ווייסע שאַלן, וואָס האָבן
אַרויפגעקוקט צו דער מעכטיקער שטיין־פיגור און ער, וויקטאָר, האָט זיי גע־
זען צווישן די שטיין־שטיוול אַ קניענדיקער פאַרן געץ מיטן האַמער און
דלאָטע.

ווען אַ דונער וואָלט אַ שליידער־געטאָן אין געץ און אים אַראָפּגעוואָרפן
פון שוואַרצן גראַניט וואָלט אַ פרייד אַלעמען אַרומגענומען.

תמיד ווען וויקטאָר דערמאָנט זיך אָן דעם שטיינערנעם געץ, זעט ער זיך
אָן איינגעקנוילטן ביי די שטיוול און דאָס טוט אים וויי. דאָס איז דאָס זעל־
ביקע אייזן וואָס ער פירט עס מ׳ט זיך דורך אַזויפיל שטעט און לענדער. איצט
ליגט עס אַ פאַרשאָטנס אויפן טיש און אין דרויסן, אין הויף, שטייט אַ גריי־
טער דער שטיין פון די יהודה־בערג.

עס איז שוין ווידער נאַכט.

די טעג קומען און פאַרגייען. ווידער איז אַדורך אַ וואָך און ער האָט גאָר־
נישט געטאָן. די וואָלקן־קאַראַוואַנען און די אַלע נאַרישע מחשבות באַפאַלן
אים און ער קען זיך נישט אַרויספּלאָנטערן פון דעם טונקעלן לאַבירינט. ווען
ער קען בלייבן אויג אויף אויג מיט דעם אמתן וויקטאָר וואָלט ער עפּעס גרויס
באַשאַפן.

די גאַס פון די בלִיענדיקע מאַנדלען קען מען דורכגיין אין אַ פערטל שעה. דאָרט ווו עס ענדיקט זיך די אַלייע פון די פאַרשטויבטע פיקוסן, אויף דער רעכטער זייט, געפינט זיך דאָס דאַזיקע קליינע געסל. עס לויפט שיף אַראָפּ. דער אָנהייב פון דער גאַס איז דאָס ווינקל־הויז פון אַ דאָקטער — הויך אַרומ־געצוימט מיט אַ לעבעדיקער קוסט־צוים פון פאַרקראַמפּטע טונקל־ברוינע צווייגן מיט געלע בלעטער, האַרטע ווי געשניטענע פון לעדער. דערנעבן דער־הייבט זיך די גרויע געביידע, אַ שמאָלע, מיט טונקעלע שויבן, אַ פראָנט־וואַנט וואָס איז באַקלעפּט מיט אַלערליי פּאַפּירן. דאָס איז די שול ווו אויף די איי־בערשטע שטאָקן געפינט זיך אַ ישיבה. דערנאָך ציִען זיך הייזער מיט באַלקאָ־נען; שמאָלע, לאַנגע, באַהאַנגענע מיט וועש, מיט קיך־כלים. אַ בוים געפּאַנ־גען אין קלעם פון אַספאַלט, צווישן רינשטאָק און דער גרויער ציגל־וואַנט, האָט צעשפּרייט מידע צווייגן. נאָך די גרויסע רעגנס שיט דער בוים אַראָפּ די קליינע וויגנדיקע בלעטער און די גאַס ווערט פול פון ברוינעם בלעטער־אָפּפאַל. קעגנאיבער, אַריינגערוקט צווישן אַ זאַמד־בערגל און אַלטע פאַרזשאַ־ווערטע אייזנס, פעסער און רעדער, שטייט די בעקעריי. דערנאָך די איינשטאָ־קיקע הייזער און צווישן זיי, אַ נײַ פירשטאָקיקע געביידע, וואָס איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אויפגעבויט געוואָרן.

דאָרט, ווו עס געפינט זיך די בעקעריי, אין אַ נעבן־הויז, ברענט דאָס ליכט אַ גאַנצע נאַכט און די בעקער־געזעלן שפּילן דאָ אין די פרייע שעהן אין קאָרטן. אין שכנותדיקן געוועלב רוישן די קראַנען פון דער פישער־קראָם. אַ שפּאַן ווייטער, ביים אַלטן בלעכער, אין זיין נאַקעט רויט־ציגלדיקער בודע, ליגן בלעכן און פון די שפּייז־קראָמען טראָגט זיך דער ריח פון צימרינג און הערינג.

אין די פרימאָרגן־שעהן גייען עטלעכע יידן דאַווענען צום ראָג, אין דער שול, וואָס עס האָט געלאָזן בירושה פאַרן קהל די מרת צפנת. איר נאָמען איז אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות אין מירמל־טאָוול און אַריינגעמויערט אויף דער מזרח־וואַנט לעבן ארון־קודש.

דאָס איז אַ שטילע און טרויעריקע גאַס. דער טרויער נעמט זיך אפשר פון די הויכע ציפּרעסן, וואָס בייגן זיך מיט די שאַרפע טונקעלע שפּיצן אין קלענסטן ווינטל. זיי זענען ענלעך צו צוויי פאַרגעסענע, אויסגעלאָשענע טרויער־ליכט. עמעצער האָט אויפגעריסן זייער קאָרע און זיי שטייען מיט די אויפגעדעקטע שטאַמען, זיי האָבן אַ געל־ביינערדיקן אויסזען און דערמאָנען אָן די פּיס פון זקנות ווען דער ווינט פאַרכאַפּט זיי ביי קרייצוועגן.

און אפשר איז דאָס דער טרויער וואָס קומט פון די מידע פרויען וואָס

שלייכן זיך דאָ דורך אין די פֿאַרנאַכטן, פֿאַרהילטע אין טונקעלע שאַלן? דאָס גייען די יידישע פרויען פֿון קורדן־לאַנד זייער פֿאַרנאַכטיקן שפּאַציר אין די אַלטע טראַכטן?

וויקטאָר קען שוין דעם גלעקל־געקלאַנג פֿון נאַפּט־פּירער, דעם גאַנג פֿון אייז־פֿאַרקויפֿער. ער הערט דעם געקלאַפּ פֿון פֿערדס פֿיס אַן דעם אַספֿאַלט. אין אַ ראַדיאָ זינגט שוין צום טויזנטסטן מאָל שושנה די תימנערין דאָס גאָרגל־ריקע ליד פֿון מדבריות. שושנהס געזאַנג וויקלט זיך ווי אַ שאַרפֿער גרייצער אַלץ העכער און העכער, ביז עס דערגייט צו די הימלען. תמיד ווען ער הערט דאָס געזאַנג פֿון די תימנער; די קליינע, איידעלע, די איינגעטריקנטע. שפּירט ער אַז דאָס געזאַנג איז שמאָל און פֿאַרנעמט נישט קיין שטח. עס שניידט זיך ווערטיקאַל צו די הייכן. איז דאָס אפשר דערפֿאַר וואָס די יידן פֿון תימן האָבן נישט געהאַט פֿאַר זיך קיין רחבותן, שטענדיק איינגעפּרעסטע אין די געטאָס פֿון עדן האָבן זיי געהאַט נאָר אַ פרייען הימל? דערפֿאַר די פֿאַרריסענע קעפּ צו גאָט. ער האָט זיי ליב. נישט איין מאָל איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די געסלעך פֿון תימנער קוואַרטאַל, אויף דער גאַס פֿון שבזי האָט ער זיך באַ־קענט מיט דער פֿאַרקויפֿערין פֿון קאַלטע געטראַנקען — מרגלית רופֿט מען איר. זי וואַשט תמיד לענגער זיין גלאָז און אַז זי דערלאַנגט אים דעם קאַלטן געטראַנק ציטערן אירע הענט. ווען ער קומט צום קיאָסק חידושט זיך מרגלית:

— דער אדון איז שוין אַזוי לאַנג נישט געווען... זי האָט אַן אַליוו־הויט און די שמאָלע הענט זענען ווי אויסגעשניצט פֿון העלפֿאַנט־ביין. אַז ער ליגט אויף זיין געלעגער זעט ער מרגליתס פּנים און אַ האַנט וואַרפֿט אַראָפּ פֿון איר די טונקעלע שלייערן און עס וויקלט זיך אויס גאָטס וווּנדער. זי איז שיין. ערשט איצט זעט ער דעם הירשן־האַלדז, די אַקסל און פֿון די אָרעמס ווערן שמאָלע פֿלעמלעך וואָס הייבן זיך צו די הייכן. וואָס טוט דאָ ניפּ? זי שטייט אויף דער שוועל און האַלט דאָס פּאַפּיראָסל צוגעקלעפּט צו דער אונטערשטער ליפּ. זי איז פֿול מיט שפּאָט. און מיטאַמאָל דערהערט ער טריט. ניפּ שוועבט אין צימערל אין אַ קרייז. ביי יעדן פֿלאַטער לעשן זיך אַלץ מערער און מע־רער די אָרעמס פֿון דער טרויעריקער מרגלית. פּלוצים ברעכט אויס אַ געוויין. גאַזעל רייסט זיך פֿון אַ שייטער. די פֿלאַמען גרייכן איר ביז די ברוסטן. ניפּ לאַכט. דאָס איז אַ געלעכטער וואָס אין אים איז דאָ אַלץ: אַרויסרוף, הכנעה, הסכמה און אָנזאָג אויף עפּעס וואָס איז אַזוי איינפֿאַך און קלאָר. — — — —

דאָס זענען נאַכט־האַלוציאַנאַציעס וואָס קומען תמיד נאָך די הייסע טעג. דאָס נאַכט־ווינטל מאַכט האַסטיקער שלאָגן די אָדערן און אַ קילער אומרו

פאַרוויגט די שליפן. אַז ער צעעפנט די טיר זעט ער דעם פאַרקראַמפטן אייל־בערט און דעם שטיין.

ער וועט שוין קיינמאָל נישט קענען באַשליסן וואָס צו טאָן: זאָל ער אַוועק מיט גאַזועל צו יענעם בית־עולם־געסל צווישן יפו און דזשעבעליאַ און שפּילן אין ביינדלעך אין דער שענק פון סאַלים חאַדאַד? אַרום אים וועט זיך שאַרן מיט אַ צעקרומט פּנים גאַזועלס בחור און זיך שאַרפן די ציין אויף דעם אַשכנזי וואָס האָט אים צוגענומען זיין מיידל. אָדער, ער זאָל ווילינוגעריש אַ גלי־טאָן מיט אַן אויג צו ניפן און אָן רעדערייען, אַזוי פּלוצים, אומגעריכט איר איינקלעמען אין די הענט און אַ שליידער־טאָן אויף זיין בעט? אָ, ווי זי וואָרט דערויף. ער ווייסט דאָס. זאָל ער אפשר קנ׳יען פאַר דעם שטיין און קילן דעם צעהיצטן שטערן אָן פעלדז?

אַ מידקייט, אַן אויסמיש פון מחשבות, פון בילדער, פון תאווה וואָס האָט נישט קיין גרענעצן, פאַרפלייצט אים און ער טרינקט זיך אין ריינע און אומ־ריינע וואַסערן.

**פאַר טאָג.**

וויקטאָר גייט איבער די גאַסן. נישט ווייט איז דער ים. ער וועט דאָס־מאָל גיין דורך דעם געסל פון משורר שבזי. עס געפעלן אים די זייטיקע וויקל־געסלעך מיט די קרומע שוועלן, מיט די נאַקעטע קינדער. אָט איז מרגליתס סאָדע־וואַסער־ביידל! דאָרט שטייט גאָר אַ זקן. דער ים איז אומרואיק. פון וואַנען דער אומרו פון ים ווען עס איז אַזוי שטיל ביים ברעג? עמעצער שטייט ביים ברעג. אַן איינציקער מענטש ביים ים. אין טאַש האָט וויקטאָר געציילט פּאַפּירן־געלט. ער וועט ווידער גיין צו בויערײַ. גאַזועל שטויבט איצט דעם טעפּעך אויפן באַלקאָן פון די לאָפּקעס. ניפּ פאַרקעמט עמעצן אין דער פרי־זירערײַ און פיילט די נעגל. אַז ער האָט איין מאָל אַריינגעקוקט דורך דעם פענצטער, האָט ער איר געזען זיצן אויף אַ נידעריק בענקעלע און אַ באַיאָרנ־טער מאַן האָט זיך געלאָזט שלייפן די נעגל. באַלד וועט קומען מרגלית און וואַשן די גלעזער.

גוט איז צו לייגן אין די פרימאָרגנס ציגל אויף די הויכע געשטעלן.

דער ים־ווינט קילט די שלייפן. די אויגן ווערן קלאָר און נעמען אַריין די בלאָ־זילבערנע ווייטן. זעסט דעם ים. ער שפרייט זיך צופוסנס פון דער ווײַ־סער שטאָט.

אַ מילדע מילך־ווייסקייט, אַ באַשפרענקלטע פון גרינע פלעקן שפּרייט זיך פאַר דיר, און אַז דו גלייכסט אויס דעם רוקן, זעסטו די זאַמד־שטרייפן וואָס גאָלדיקן זיך ווייט־ווייט, די אַראָפּהאַנגען פון הויכן ים־ברעג צפונדיק

פון דער שטאָט. זיי זעען אויס, די זאַמדיקע בערג־אָפּריסן, ווי דער געפּלייץ פון גאָלד און צעגאָסענעם קופּער.

פאַרטאָג זענען די שאָטנס בלאָ־זילבערדיק און קיל. די ווייסקייט פון די הייזער מאַכט דיך מילד. דו זעסט ווי דער שאָטן פון דער ציגל־וואַנט, וואָס דו מויערסט, וואַקסט. פילסט די שווערקייט פון די ציגל און די הענט דיינע זענען פלינק. אַז די וואַנט גרייכט דיר ביז דער ברוסט הייבסטו זיך אויף נאָך העכער און דער ים ווערט נידעריקער און די וויטן נאָך ווייטער. איצט כאַפּט שוין אַרום דיין בליק די ווייטסטע מרחקים. זעסט גרינע פעלדער, פּרדסים, פּיאָלעטענע האָריזאָנטן מיט קאָנטורן פון וואַסער־טורעמס און לענגאויס דעם אַלעם שפּרייט זיך דער מעכטיקער ים. ווען דו קוקסט צו אים פאַרהאַקט זיך דער אָטעם. האָסט נישט ווו אָנצושפּאַרן דיין בליק. ים און ים, אַ צעשניטע־נער פון שטרייפן זילבער, פון שטרייפן תכלת, און דאָרט ווו דער הימל גייט זיך צונויף מיטן ים איז די באַהעפטונג אַזאַ איידעלע ווי ס׳וואָלטן זיך באַ־געגנט גאָטס אָטעם מיט דעם בורשטינענעם ים־האָריזאָנט.

אין די מיטאָג־שעהן, ווען די זון שטייט הויך איבערן קאָפּ, ווערן די שאָטנס אַזוי קליין אַז עס דוכט זיך דיר אַז אַלץ איז אָן שאָטנס און דו אַליין האָסט אויך נישט קיין שאָטן.

דער דרום־ווינט איז הייס. דער ריח פון טריקעניש איז אַ שאַרפער און דער שטויב פון ציגל פאַלט אויף די וויִעס, אויף די ליפּן און דו שפּירסט ווי דער שוויס וואָס רינט פון דיין שטערן האָט דעם טעם פון הייסן מדבר־זאַמד.

שטענדיק, ווען וויקטאָר קומט פון דער אַרבעט און נעמט אַרויס דעם שליסל כדי אויפצושליסן די טיר, באַווייזט זיך גאַזעל. אַמאָל איז עס מחמת זי מוז גיין אין שפּייז־געוועלבל, אַן אַנדערש מאָל, אַריינצונעמען די וועש, ווייל באַלד וועט טונקל ווערן. זי לאַכט צו אים אַזוי היימיש, אַזוי אויפגע־בונדן. זי האָט אים ליב צו זען אין פאַרשטויבטע אַרבעטס־קליידער, מיט גרויסע שיך פול מיט קאַלך און צעמענט.

— וויק, וויקטאָר — רופט זי אים — קען איך דיר העלפן? האָסטו שוין ברויט?

זי גייט דרייסט אַריין אין צימערל און זוכט אויף דעם קרעדענצל.

— אָ, וויק, עס איז דאָך אַלט־געבאַקן...

איצט איז ער איר נאָענט און אייגן. ער איז ווי איינער פון אַלע מידע מענער וואָס קומען פון דער שווערער אַרבעט און זי ווייס וואָס צו טאָן מיט וויקטאָרן. זי דערפילט זיך ווי איינע וואָס מען דאַרף איר. דאָס איז נישט דער אויסטערלישער אַשכנזי, וואָס ליגט אויפן געלעגער און קוקט צו די ליי־מענע קעפּ.

— זעץ דיך, וויק... — זי איז נאָענט צוגעגאַנגען צו אים. דער שטויב פון זיינע ווײַעס איז געווען פאַר איר ווי דער טוי אויף פּירות. — אָ, ווי דיינע שיך זענען שווער! — גאַזעל האָט זיי אויפגעשנאָרוולט און אַראָפּגעשלעפּט פון די פיס. אירע מויל־ווינקלען זענען אַראָפּגעלאָזן און אין די ווינקלען פון דער אייבערשטער ליפּ זעט זיך אָן אַ טונקעלער מעך־פלעק. זיינע הענט זענען פאַרזונקען געוואָרן אין איר געקרייזלטן קאָפּ. און אַז גאַזעל האָט זיך אויפגע־שטעלט איז אויך וויקטאָר אויפגעשפּרונגען. זי איז לייכט געווען אין זיינע הענט, אַזוי לייכט ווי דער פרימאָרגן־ווינט.

דער שטויב פון זיינע קליידער, דער שווייס און דער אָטעם פון די צוויי מענטשן האָט זיך צונויפגעפלאָכטן. זיינע אויגן זענען נאָך געווען איבערגע־פולט מיט דעם אָפּשיין פון ליכטיקע ים־כוואַליעס, מיט די בורשטיינענע ים־ווייטן, מיטן יונגן גרין פון באַוואַסערטע פעלדער. זיין אָטעם האָט געהאַט אין זיך דעם טעם פון פאַרשרפּהטע דערנער און דאָס פייער וואָס האָט גע־שלאָגן פון אים איז געווען אַ פייער וואָס קען דורכברענען דעם האַרטסטן ציגל.

דעם אָוונט זענען ביידע אַוועק קיין יפו. וויקטאָר האָט באַגלייט גאַזעלן ביז איר היים. פאַרן אַוועקגיין פון זיין צימערל האָט ער געקוקט אויפן שטיין און עס איז אים אויסגעקומען, אַז דער פעלדז זעט אויס ווי אַ דרימלענדיקער לייב וואָס האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף די פאָדערשטע לאַפּעס. ניין, נישט קיין דרעמלענדיקער לייב, נאָר אַ לויערנדיקער! באַלד וועט ער זיך אַ ריס טאָן און מיט געברילעריי זיך וואַרפן אויפן פאַרקנוילטן זיתים־שטאַם.

זעט אויס, אַז די שאָטנס פאַלן פון די אייבערשטע שטאָקן. דאָרט ברע־נען שאַרפע ליכטער און די שאָטנס האָבן דאָס אַזוי פאַרוואַנדלט דעם שטיין אין אַ לייב.

גאַזעל רעדט הויך. איר שטים האָט נישט דעם רייץ פון ניפּס קול. ניפּ רעדט תמיד ווי זי וואָלט זיך נאָר־וואָס אויפגעכאַפּט פון שלאָף. אַזוי ריידן פרויען ווען זיי טראָגן נאָכטהעמדער. דאָס קול איז נאָך אָנגעגאָסן מיט זיס־לעך־מידן לאַנגווייל און אין דעם אָפּגעהאַקטן אָטעמען פילט מען די נישט־געזעטיקטע תאווה.

גאַזעלס קול דערמאָנט אים אין כוואַליעס וואָס שלאָגן זיך אָן אין שטיי־נערנעם ברעג פון ים.

אין האַדאַדס שענק איז טונקל און שטיל. טייל מאָל בלייבט עמעצער שטיין אין דער אָפענער טיר און ווערט גלייך נעלם. וויקטאָר זיצט ביי אַ נאַ־קעט טישל און קוקט אויף דער בלינדער בית־עולם־מויער. הינטער זיין רוקן

פּאָרעט זיך דער שענק־אייגנטימער צווישן פלעשער. חאַדאַדס פּנים איז ווי פון קופּער — אַלטער געהאַמערטער קופּער. זיין שטערן איז פול מיט קאַרבן און פון האַלב־געעפנטן מויל קוקט אַרויס אַ שורה גאָלדענע ציין. די אויגן־ווייסלען בלענדן און די קליינע צעמאַרשטשעטע אויערן זעען אויס ווי פאַר־טריקנטע פייגן. אַז חאַדאַד איז צוגעקומען צו וויקטאָרן און זיך גוט־ברודעריש צעשמייכלט, האָט ער דערפילט צו אים אַ דאַנקבאַרקייט און ער האָט גענומען זוכן באַווייזן, אַז דער דאָזיקער חאַדאַד איז נאָר אויסערלעך אַזוי אָפּשטויסנ־דיק, ער איז אַוודאי אַ גוטער מענטש. אויב אַ מענטש, מיט אַזאַ פּרצוף קען לאַכן און זיין מילד, איז דאָס ממש אַ נס.

חאַדאַד האָט אים אַן איבעריקע רייד אַריינגעפירט אין די פאַרוויקלטע גענג פון די יפוער און דזשעבעלי׳ער געסל־איינוווינער. ביינאַכט לאָזן זיי זיך אַרויס אויף שיפלעך די שיפער־יונגען און פאַרוואַרפן נעצן ביים לבנה־ליכט. אָבער פּרנסה האָט מען פון די שמוגלערס, פון די יונגען וואָס האָבן הינטער די נעצן זעק מיט סחורות. אַמאָל איז דאָס זייד און אַמאָל אָפּיום וואָס ברענגט דיר דעם גן־עדן אויף דער פאַרעיפּושטער וועלט אונדזערער, כאָטש אויף עט־לעכע שעהן...

באַלד קומט גאַזעל. זי איז אַוועק איבערטאָן זיך. זי ווינט עטלעכע טריט פון דאַנען. גאַזעל האָט נישט געוואָלט מיטנעמען וויקטאָרן אַהיים. דאָרט וואַלגערט זיך דאָס קליינוואַרג אין הייפל און דער פאָטער זיצט אַוודאי אויפן פוסבענקל און שפּילט זיך מיט אַ שנירל גלעלע קרעלן.

וויקטאָר האָט זיך דערוווסט פון גאַזעלן, אַז זיין שכן לאַפּעק דרייט זיך אַרום אויף דער תל־אביבער בערזע, ערגעץ אין אַ קאָרידאָר פון אַ באַנק, און גיט געלט אויף פּראָצענט — דאָס איז זיין פּרנסה, און די באַנק איז אַ שטי־לער שותף צו דעם. איין מאָל איז גאַזעל געגאַנגען רופן דעם אדון לאַפּעק, האָט זי דאָרט געטראָפן הונדערטער מענטשן. שוין בעסער דאָ, אין דער שענק, צווישן די פישער־יונגען, די ים־לייט. די דאָזיקע נאַכט־וואַנדלער זענען נישט ערגער ווי יענע וואָס דרייען זיך אַרום אין די קאָרידאָרן פון דער באַנק...

— פאַרוואָס מיינסטו אַזוי, גאַזעל? — האָט ער איר דעמאָלט געפרעגט.

— דו האָסט פיינט די אַשכנזים?

— נישט פיינט... אונדזערע לאָזן זיך אויף מסוכנדיקע נאַכט־וועגן, אויף שיפלעך אין פינצטערע נעכט און שטעלן איין דאָס לעבן. קיינער טראַכט נישט, אַז אין אַזאַ שעה וועט זיך אַרויסגליטשן אַ שיפל פון ברעג — און דאָך זע איך זיי גיין אין אַזעלכע נעכט צום ברעג. איך קוק זיי נאָך מיט טרערן. אדון לאַפּעק הייבט זיך אויף אַכט אַזייגער. זוכט עפּעס אין די אַלערליי פּאַ־פּירלעך, נעמט די טעקע און גייט זיך אַרויס געמיטלעך צו זיין שווינדל. איך

זענט קלוג! איר קענט אַזוי אַרומרינגלען זיך מיט פּאַפּירלעך און אויף אַלעם האָט איר אַ פּאַפּירל! אָ, ווי איר ווייסט דאָס גוט צו מאַכן! אונדזערע יונגען זענען ווי דער ים — אין זיי איז דאָ גוטסקייט פון די ליכטיקסטע שפּיגל־וואַסערן און דער כעס פון שוים־כוואַליעס. אייערע קען מען קיינמאָל נישט וויסן וואָס זיי טראַכטן. נישט קיין בלוט רינט אין אייך נאָר אַ צעשמאָלצענער זילבער. דו אַליין ביסט אַנדערש.

איין מאָל איז זי ביז שפּעט אין דער נאַכט געבליבן אין זיין צימערל. גאַזעל האָט אויסגעפּרעסט זיינע ווייסע העמדער וואָס זי האָט אין דער פרי אויסגעוואַשן און זיי אַוועקגעלייגט לעבן בעט. זי איז געווען ערנסט און פול מיט דערוואַרטונג. אויף די טעראַסעס לעשן זיך די ליכטער, זשאַלוזיען פאַלן אַראָפּ ווי עס וואָלטן זיך צעשאָטן שפּענער.

זייערע באַגעגענישן אין די דאָזיקע שפּעטע שעהן פון דער נאַכט זענען געווען ענלעך צו די באַגעגענישן פון צוויי נאַכט־וואָלקנס. אַ זעלטענע שטיל־קייט. אָן רייד, אָן די שעפּטשערייען. אַ שטילקייט וואָס איז פּלוצעם אַראָפּ־געפאַלן ווי אַ שווערער פאָרהאַנג.

זי האָט תמיד פאַרשלאָסן פאַר אים די ליפּן און אַרויסגעפלאָכטן אירע פינגער פון זיינע פינגער.

גאַזעל איז געווען פאַר וויקטאָרן ווי די שטילע ערד וואָס אַ וואָלקן־ברוך אַ פרילינגדיקער האָט אויפגעריסן איר שאָלעכץ און די ערד האָט דער־וואַכט. דאָס איז געווען אַ דערוואַכונג וואָס האָט געדויערט רגעס און דערנאָך איז געקומען די געגאַרטע רו.

שטענדיק ווען זי איז אַוועק פון אים האָט זי אַרומגענומען זיין האַלדז און לאַנג אַריינגעקוקט אין די אויגן. — לילה טוב, וויק... — דאָס זענען גע־ווען אירע איינציקע רייד אין די אָוונטן. אין זיי איז געלעגן אַלץ: ליבשאַפט, הכנעה, געבעט, אומרו און פאַרדאַכט.

אין דער פרי, אַז זי איז געקומען צו די לאָפּעקס, האָט זי פּאַמעלעך גע־עפנט די טיר פון וויקטאָרס צימער. ער איז שוין געווען ביי דער אַרבעט. גאַזעל האָט אַ ווײַלע זיך אַרומגעקוקט און אירע נאָזלעכער האָבן טיף אַריינ־געאָטעמט די געדיכטע לופט. איז דאָ נישט געווען ניפּ? שוין אויף די טרעפּ האָט זי געפילט, אַז ניפּ איז דורכגעגאַנגען מיט אַ פּאָר מינוטן צוריק.

אפשר איז ניפּ אַוועק מיט וויקטאָרן?

אַ גיפּסענער קאָפּ, וואָס איז פאַרדעקט געווען מיט אַ טוך זעט אויס צו זיין אַ פרויען־קאָפּ. ער שטייט שוין לאַנג אין דעם צימער. גאַזעל האָט דעם קאָפּ געזען נאָך ווען זי איז דאָס ערשטע מאָל געבליבן שטיין אין וויקטאָרס טיר.

יאָ, דאָס איז ניפּ.

זי האָט לאַנג געקוקט אויף ניפּס קאָפּ און עס האָט איר צונויפגעדריקט ביים האַלדז. ניפּ איז שיין. דאָס איז אַ קאָפּ ווי פון אַ פּרינצעסין און גאַזעל איז מיאוס. אַ געפלעקט פּנים מיט גרויסע געל־ברוינע פלאַטערס פון אַ מאַנדל־בוים אַן אָפּגעבליטן; אַ פּנים וואָס איז באַשפּרענקלט, הענט — גרויסע, גע־זונטע. ניפּ האָט קליינע הענט און אַז זי גייט, וויגט זי זיך ווי אַרום איר וואָלט מען געשפּילט אויף פידלען...

דעם טאָג איז זי אַ בייזע געלאָפן אויף די שטיגן און אַנטקעגן־גערעדט דער גברת לאָפּעק, גערעדט צו איר חוצפּהדיק, צעבראָכן צוויי טעלער פון באַ־זילבערטן סערוויז. און אַז די באַלעבאָסטע האָט זיך צעשריגן איז גאַזעל אויפ־געשפּרונגען. זי האָט געפלאַמט פון כעס. עס האָט איר אַרומגענומען אַ וויס־טע שינאה צום גאַנצן הויז, צום גליטשיקן באַלעבאָס לאָפּעק, צו דער צעיוי־רענער מאַדאַם, צו ניפּ, צו וויקטאָרן, צו דער קרעמערין וואָס האַלט זיך אין איין נאָכפרעגן אויף יעדער קלייניקייט.

זי האָט פיינט באַקומען די גאַס פון בלינענדיקע מאַנדלען! די גאַס פון די בעקער־יונגען וואָס פייפן זיך אונטער בעת זי גייט פאַרביי, אַלע באַרע־דעוודיקע ווייבער וואָס רעדן דאָ אויף אַ פרעמד לשון און מען הערט נאָר דעם „וואָס־וואָס". זי קען נישט פאַרטראָגן די אָפּגעשינדענע ציפּרעסן. אַ סוף זאָל עס נעמען צו דער באַליידיקונג!

גאַזעל האָט געזאָגט: — גברת, גרייט מיר צו דעם שכר פאַר מיין אַר־בעט. איך וועל קומען אין עטלעכע טעג אַרום אָפּנעמען דאָס געלט. זוכט אייך אַן אַנדערע. — זי האָט צוגעקלאַפּט די טיר און פאַמעלעך אַראָפּ פון די טרעפּ. דעם שליסל פון וויקטאָרס טיר האָט זי אַריינגעוואָרפן דורך דער טע־ראַסע און זי איז אַוועק צום אויטאָבוס.

אין די מיטאָג־שעהן איז אין געסל שטיל. ביים טראָטואַר שטייט אַ לאַסטוואָגן מיט פאַרדעקטע פלאַנדעקעס, אַ דריי־רעדערדיק האַנט־וועגעלע, אַ בלעכערנער קאַסטן אויף רעדער און פון דער זייט איז אָנגעהאָנגען אַ קויש. אַן אייזעלע מיט זעק אויפן רוקן. אַ מידער מענטש שטייט אָנגעשפּאַרט ביי אַ צוים און קוקט צו די אייבערשטע שטאָקן. מיט מינוטן צוריק האָט ער גערופן צו די אָפענע פענצטער: — אַלטע זאַכן... שיך... — דער בלעכער דרימלט ביי דעם זשאַווער־טיש. ווען ער איז געקומען אין דער גאַס אַריין האָבן דאָ געבליט מאַנדל־ביימער. ער געדענקט זיי נאָך. איצט איז עס אַן אַנדער גאַס. דורך דער נאַכט איז דאָס געשען. עס וועלן קומען שווערע טראַק־

טאָרן מיט גראַב־אייזנס און אַראָפּנעמען די קליינע נידעריקע הייזער און אַרויסרייסן די וואָרצלען פון די לאַנג שוין אויסגעהאַקטע מאַנדלען; עס וועט אויפשטיין אַ ניי הויז פון פיר שטאָק און דאָרט וועלן זיך אַריינקלייבן מענטשן געקומענע פון דער גאַנצער וועלט. די בעקער־יונגען שלאָפן אויף אַ באַנק אָנ־געשפּאַרטע מיט די רוקנס צו אַ בלאַ־געקאַלכטער וואַנט. מיטאַמאָל צעקלינגט זיך אַ גלאָק: דאָס איז דער נאַפט־פּאַרקויפער מיטן מויל־אייזל איינגעשפּאַנט אין אַ רויטן פאַס. עס איז שוין פיר נאָך מיטאָג. ער האָט זיך היינט פאַר־שפּעטיקט. דער נאַפט־פּאַרקויפער אויף אַ האַלבער שעה. דאָס יונגוואַרג פון דער ישיבה, צוועלף־פערצן־יאָריקע תימנער ייִנגלעך, געקומענע פון די ניי־אַנטשטאַנענע דערפלעך אין די הרי־יהודה, שפּילן זיך אין ראָג פון גאַס. זיי שליידערן מיט די פיס אַ פאַרוויקלטן קנויל. דער באַנק־אָנגעשטעלטער, פון ערשטן שטאָק, קעגנאיבער דער בעקעריי, גייט שוין פון דער אַרבעט. זיין העמד איז געפּרעסט און אין דער האַנט טראָגט ער אַ גרויסע ברוינע טאַש. אין אַ שעה שפּעטער וועט פאַרפאָרן דער שאָפער מיט זיין אויטאָ און ער וועט דורך אַ געדרויש פון מאַטאָר אָנזאָגן זיין אָנקום דעם ווייב. זי וועט אַרויסקוקן אַ צעשויבערטע פון אַ פענצטער און דערביי אַ בליק־טאָן צו דער בעקעריי, דאָרט ווו עס שטייט דעם בעקער־יונגס מאָטאָציקל.

צו דער גברת לאָפּעק איז געקומען אַ נייע אויפרוימערין. זי טראָגט אויף ביידע הענט זילבער־רינגען און אַז זי גייט קלינגען זיי ווי דאָס ניקל־געלט. נאָך דער אַרבעט קומט איר אָפּנעמען אַ בחור; דאָס איז אַ חברהמאַן אין שמאָלע שוואַרצע הויזן מיט אַ טונקל העמד, אַ געקעסטלטס. די טשופּרינע איז בלענדיק־שוואַרץ און גלאַנצט. ער פייפט צו דעם דינסטמיידל און וואַרט ביי די פּראַנטיקע שטיגן.

פון דער ברייטער פּיקוס־אַלייע דערטראָגט זיך אין די מיטאָג־שעהן דער געדרויש פון אויטאָבוסן. דאָרט האַלט די באַוועגונג אָן ביז שפּעט אין דער נאַכט. די גאַס פון די מאַנדלען ליגט ווי אין שאָטן פון דער גרויסער אַלייע. אַז עס באַווייזט זיך דאָ אַ פאַרבייגייער פון די פרעמדע גאַסן, בלייבט ער אַ ווײַלע שטיין לעבן דער שול און קוקט צו דעם ארון־קודש, צו די שטענדערס און ער דערמאָנט זיך אָן ווייטע היימען, אָן אייגענער יונגשאַפט. אַרום אים פלאָנטערן זיך די תימנער ייִנגלעך מיט דעם באַלעם.

אויף אַ באַלקאָן באַווייזט זיך אַ זקן אין אַ ווייס העמד און רופט צו דער גאַס. דאָס איז דער ראש־ישיבה. ווידער ווערט שטיל. אַזאַ זעלטענע שטילקייט וואָס באַפאַלט אין די פאַרנאַכטן דעם שטאָט־טייל, דעמאָלט קען מען הערן ווי עס סקריפּען טירן און אין די ציפּרעס־ביימער רופן זיך איבער די גרויע שטויב־פייגל. עס איז איצט די צייט פאַר די פרויען אַריינצונעמען די וועש

וואָס הענגט אויף די נאַקעטע פלאַכע דעכער, אין די הייף. טייל מאָל בלייבט ווער פון די פרויען אַ פּאָר מינוט שטיין און קוקט צו גאָטס וועלט וואָס איז אַזוי קלאָר און דורכזעעוודיק. דורך דעם וועש דערפילט זי דעם ריח פון די הימלען און זי דערזעט די ווייסקייט פון לייכטע זילבער־וואָלקנס, זי דערפילט די פרישקייט פון דעם באַרג־ווינט, די ריינקייט און בלענדיקייט מאַכט איר אָטעם קלאָר און טיף און עס דאַכט זיך איר, אַז דאָס אַלץ טראָגט זי מיט זיך צו דעם שטילן שלאָפצימער, צו איר געלעגער.

תמיד ווען וויקטאָר באַגעגנט אַזאַ פרוי אין דעם פאַרנאַכט ווערט ער טרויעריק. ער וואָלט אַוועק צו די זאַמד־פלאַכן, צו די ווייטע האָריזאָנטן, ער וואָלט זיך אַריינגעשליידערט אין דעם צעוויגטן ים און עס וואָלטן אים אַרומגענומען לאַשטשענדיקע ים־כוואַליעס.

די איינזאַמקייט זיינע, דער טרויער פון די פאַרגאַנגענע יאָרן, אָט־אָ דער פאַרשלאָסענער שטיין־פעלדז וואָס וויל זיך נישט אַנטפּלעקן פאַר אים, האָט אים געמאַכט געפאַלן, און די דאָזיקע געפאַלנקייט און די בענקשאַפט און דער אומגלויבן האָבן אויפגעפּראַלט זיין האַרץ פאַר אָט־אָ די ניפס און פאַר גאַזעל און פאַר יעדער איינער וואָס וואָלט נאָר געקומען צו אים אין די נעכט מיט גוטסקייט און טרייסט.

אַ וואָך צייט האָט זיך גאַזעל נישט באַוויזן אין דער גאַס פון בליענדיקע מאַנדלען.

זי איז געקומען ביינאַכט, אַ שטילע, אַ פאַרטייעטע, אין אַ טונקעלעם קלייד און געקלאַפּט אין וויקטאָרס טיר. קיינער האָט איר נישט געענטפערט.

גאַזעל האָט זיך איינגעהערט אין יעדן שאָרך. אַ שכנותדיק פענצטער איז באַלויכטן מיט אַ ראָז ליכט. פון ערגעץ טראָגט זיך שטילע טאַנץ־מוזיק. ניין, וויקטאָר איז נישט אַוועק אין דער נאַכט. ער איז דאָ. זי פילט דאָס לויט דער געשפּאַנטער שטילקייט, וואָס קומט פון זיין צימערל. אַ פּאָרל איז פאַרבייגעגאַנגען און זייערע טריט מאַכן איר נאָך טרויעריקער. ערגעץ נאָענט הערט מען שוין דאָס קערן די גאַסן.

און מיטאַמאָל איז גאַזעל אויפגעציטערט געוואָרן. דער שלאָס פון וויקטאָרס טיר האָט אַ סקריפּ־געטאָן און די טיר האָט זיך געעפנט. אַ שאָטן איז געפאַלן ווי אַ פינצטערער זייל. זי האָט זיך איינגעקאָרטשעט, צוגעדריקט צו דער וואַנט און איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

דאָס איז ניפ. זי האָט איר דערקענט לויטן ריח.

גאַזעלס נאָזלעפלעך האָבן געציטערט און אירע פינגער האָבן געזוכט

דעם עלעקטרע־קנאָפּ פון די טרעפּ. די וואַנט איז ווי אייז און די פינגער ברע־נען. זי איז איין שטיק פייער וואָס וועט העליש אויפפלאַקערן.

און אַז עס איז ליכטיק געוואָרן האָט ניפּ דערזען צוויי אויפגעהויבענע הענט באַלויכטענע פון די טרעפּן־ליכט. אַ הייסער אָטעם ווי דער אָטעם פון אַ בראַנדפייער האָט איר אַרומגעהילט. אַ פלאַם איז אויפגעשפרונגען ביי ניפּס אויגן און איר פאַרבלענדט. זי האָט גאַרנישט געזען נאָר ווייטיקדיק געשפּירט ווי שאַרפע נעגל רייסן איר פּנים. זי האָט אַ געשריי־געטאָן און דאָס געשריי האָט צעשפּאָלטן די שטילקייט פון דער נאַכט אויף שפּליטערס, אַזוי ווי אַ שטיין וואָס פאַלט אין שוואַרצע שויבן אַריין.

דערנאָך איז פינצטער געוואָרן אויף די טרעפּ.

אין גאַס האָט מען געררוקט די זשאַלוזי, געעפנט פענצטער און איבער די שטאָקן פון הויז האָט זיך נאָך געוויקלט דאָס רויע נאַכט־געשריי.

וויקטאָר איז געזעסן אויפן בעט און געהאַלטן דעם קאָפּ איןביידע הענט.

אַז גאַזעל האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט, האָט זי דערזען זיינע גרויסע גע־זונטע הענט, די טונקעלע. זי האָט געזען זיין ברוסט וואָס האָט זיך געכוואַ־ליעט צוליבן טיפן אָטעמען.

ביידע האָבן געשוויגן און אין דער שטילקייט האָט מען געהערט ווי אויף די אייבערשטע שטאָקן האָט זיך מיט רוגזה צוגעהאַקט אַ טיר.

גאַזעל האָט אין צימערל קיין אָרט זיך ניט געפונען. זי איז געשטאַנען ווי אויף אַ ברענענדיק פייער. אַלץ האָט דאָ געאָטעמט מיט ניפּן: וויקטאָרס הענט, דאָס געלעגער, די גאַנצע לופט! די נאָזלעכער האָבן זיך צעשפּרייט און דאָס פּנים האָט געפלאַמט. זי מוז עפּעס טאָן! זי וועט שרייען! זי וועט איינקלאַ־מערן די הענט אין דעם אייגענעם לייב! זי מוז אויפרייסן דעם רינג וואָס בעמט אַלץ ענגער און ענגער אַרום אירע בריסטן.

און זי האָט זיך אַ ריס־געטאָן, גענומען די געפּרעסטע העמדער וואָס זענען געלעגן אויפן טישל און זיי געריסן, געטראָטן מיט די פיס, דערנאָך האָט זי אַ וואָרף־געטאָן דעם גיפּסענעם קאָפּ און ניפּ איז צעשפּרונגען גע־וואָרן אין הונדערטער ווייסע שפּליטערס. זי האָט געטראָטן אויף ניפּס נאַ־קעטן אַקסל, אויף דעם שפּליטער פון האַלדז, אויף אַ טויט אויג. — זונה, זונה... — האָבן אירע ליפּן געשעפּטשעט.

אין האַלבע נאַכט זענען זיי אַוועק.

וויקטאָר האָט איר געפירט אונטערן אָרעם. אַ קליינער קודלאַטער הונט האָט זיי באַגלייט דורך דער גאַנצער גאַס פון די בליענדיקע מאַנדלען ביז

צו די אומהיימלעכע צוויי ציפּרעסן. ווייטער האָט זיך דער הונט נישט געטרויט צו גיין.

גאַזעל האָט אַ לעצטן בליק געטאָן צו דער גאַס און אַז זי האָט דערזען די טויטע ציפּרעס־קעפּ האָט זי אַ ציטער־געטאָן.

זיי זענען געגאַנגען דורך דער אַלייע פון די שטויביקע פיקוסן, דערנאָך זענען ביידע אַרויס צו דער גאַס פון די קאַפּעען. ביים ים איז ווינטלדיק. נאַכט־יונגען, היימלאָזע הינט, אַ גאַסן־מיידל, געשטעלן ווו מען פאַרקויפט הייסן שאַשליק און פאַלאַפעל. וואָלקנס פאַרוויקלען דאָס אָרעמע לאַמטערן־ליכט. אַט איז יפו.

אין סאַלים חאַדאַדס שענק ברענט דער רויטער לאָמפּ. די בית־הקברות־וואַנט. פון אַ פוסטער גאַס דערטראָגט זיך אַ פאַרצווייפלט רופן נאָך הילף. אַ פּייפעריי און ווידער וועדט שטיל.

אין מיטן ים וויגן זיך צוויי שוואַרצע שיפלעך ווי דאָס וואָלטן געווען די טויטע אויגן פון נאַכט־האָפן.

דער זאַמד ביים ברעג איז קיל. וויקטאָר לעשט גאַזעלס הייסע הענט. די כוואַליעס קילן איר ברענענדיקן קאָפּ. זיי וואַלגערן זיך אין די זאַמדן ביים נאַכט־ברעג און גאַזעל פילט ווי וויקטאָר רייסט אויף דעם ענגן גליִענדיקן רינג אַרום אירע בריסט. זי איז איצט ווי אַ ים־כוואַליע וואָס האָט זיך ענדלעך אָנגעשלאָגן אָן אַ ברעג, אָן אַ פרעמדן פעלדז און עס איז איר גוט. זי וויל שרייען אַזוי ווי דער נאַכט־פויגל ביים ים. אין דעם געשריי פון דעם ים־פויגל איז דאָ אי להכעיס, אי פרייד און געזעטיקטקייט.

עס איז שוין אַ שפּראָץ אויף טאָג.

וויקטאָר גייט איבער דער טרויעריקער גאַס. ער איז שוין ביי די צוויי ציפּרעסן. אַז ער האָט אויפגעהויבן הויך דעם קאָפּ צו די הימלען, האָט ער געזען, אַז אויף מזרח גייט אויף אַ ליכטיקייט אַ ראָזלעכע ווי ס'וואָלטן אין די הימל־הייכן געבליט וואונדערשיינע מאַנדל־ביימער.

דאָס איז געווען אין די ערשטע וואָכן פון מוניס קומען אין לאַנד אַריין. ווו נאָר אַן אַדרעס פון אַ לאַנדסמאַן, אָדער פון אַ ווייטן פריינד, איז ער דאָרט געגאַנגען אויף באַזוך. ער האָט געפילט אַ באַדערפעניש צו וואַנדערן איבער דער דאָזיקער ערד, צו וואָגלען איבער שאָסייען, גיין אויף פרדס־שטעגלעך, דורכשניידן דאָרנפעלדער, דורכהאַקן די זאַמד־וויסטענישן און אַריינפאַלן אין אומבאַקאַנטע ישובים. ער איז אָפט שטיין געבליבן פאַר פרעמדע הייזער, באַטראַכט די גרינע גערטנער, געשמועסט מיט דורכגייער, געזעסן אין שאָטן פון אַלטע סיקאַמאָרן און געוואַרט אויף די פאַסטוך־יונגען וואָס זאָלן אים אַרויספירן צו אַן אָפענעם שליאַך.

אין אַ חאַמסין־טאָג, ווען אַלע שאָטנס זענען צעפלאָכטן געוואָרן אַזוי ווי עס צעפלעכט זיך אַ טעפּעך און די איינצלנע פעדעם ציטערן אין הייסן מדבר־ווינט, ווערט די זון פליסיק און רינט אין די מענטשישע אָדערן, דעמאָלט זוכן דעם וואַנדערערס אויגן דעם קילן וואַסער־טורעם פון די ווייטע האָריזאָנטן.

די פאַרשלאָסנקייט פון לאַנגע יאָרן אין דער וויסטער היים, אויף יענער זייט ים, איז מיטאַמאָל אויפגעבראָכן געוואָרן: טיפע הימלען, ליכטיקע ווייטן, לאָקנדיקע ישובים, וויינגערטנער, פרדסים.

אַז דו גייסט אָבער איבער די וועגן און שטעגן און דיין גומען איז טרוקן און דער זאַמד בריט דיינע באָרוועסע טריט, דוכט זיך דיר, אַז די שאָטנס אַנטרינען פון דיר. זיי זענען אַזוי לייכט ווי פעלד־שפּינוועבס.

די פעלדער ליגן פאַרדעקטע מיט טרוקן־גראָזן, דיינע הענט זענען צע־ריסן פון דערנער און דיין שווייס פון פּנים איז פול מיטן שטויב פון געוויקסן־אָפּפאַל. עס נעמט דיך אַרום יענע גלייכגילטיקע מידקייט פון צווייגן פאַר־חלושטע, פון בעלי־חי פאַרקלעמטע, וואָס ליגן מ'יט אויסגעלאָשענע אויגן און הוילקייט אין די שאַרבנס. אַ קופּערנער געזשום ווי פון גלעקער ערב־פאַרשטומונג נאָכן מעכטיקן געקלאַנג גיט דיר נישט קיין רו. איצט וועט זיי שוין קיינער נישט צעוויגן. באַלד וועט זיך אָנהייבן די אייביקע שטומקייט.

אַן אויסמישעניש פון אַלערליי מחשבות, וואָס האָבן נישט קיין שום שייכות און פאַרבינדונג. דו שליסט די אויגן און האַלטסט איין דעם אָטעם.

עס דוכט זיך דיר, אַז אַרום טראָגט זיך אַ זילבער־וואָלקן פון פּלעווע און דו ווייסט שוין קיינמאָל נישט אַרויס פון שטעכיקן פּלעווע־געווירבל.

אין אַזאַ צושטאַנד איז מוני דערגאַנגען צום וואַסער־טורעם פון כפר העס. ער איז דורכגעגאַנגען אַ פעלד פון דערנער. אויף דער רעכטער זייט פון וועג וואַקסן שיטערע איילבערט־ביימער, פאַרקראַמפּטע, פאַרשרפהטע, מיט געפלאָכטענע שטאַמען ווי צעטריפטע וואַקס־ליכט, צעקנאָטענע, פאַרדעקטע מיט גרינלעך־זילבערנע קרוינען. דאָס גרויסע פעלד איז פאַרוואַקסן מיט לאַנגע סאַברע־קוסטעס. די סאַברע־צוימען האָבן נישט קיין אָנהייב און נישט קיין סוף. דאָס זענען נישט די סאַברע־קוסטעס וואָס מוני האָט זיי שוין געהאַט געזען ביים ראַנד פון פּרדסים. די סאַברעס זענען נידעריקער; קלענערע בלעטער־קעפּ, דערפאַר זענען די שטעכערס גרעסער און געדיכטער באַזעצט אויף די בלאַט־פלאַכן און דער קלענסטער באַריר טוט שרעקלעך ווײ. אַ גיפט פליסט אין זיי וואָס צינדט אָן דעם מענטשישן גוף מיט אַ ברענענדיקן ווייטיק.

מוני איז געשטאַנען ביי אַ פאַרלאָזענעם וואַסער־טורעם.

אין דער נידער וויקלען זיך די קלעטער־פלאַנצן מיט בלאָלעכע בעכער־בלומען, די איין־טאָגיקע, וואָס צום זון־אונטערגאַנג פאַרוועלקן זיי. פון די צווייגן טראָגט זיך דער ריח פון טריקעניש. אַ הייסער שטויב האָט זיך דאָרט געשאָטן צוליב די פרייכנדיקע יאַשטשערקעס. זיי האָבן אויסגעשטעלט די שוואַרץ־ברוינע קעפּ צו דער זון און געקלאַמערט זיך מיט די פיס אָן נאַקעטן גרויען בעטאָן.

אַז מען קוקט גלייך, שטייענדיק אויף דעם בערגל ביים וואַסער־טורעם, זעט מען דאָס אַראַבישע דאָרף טירה.

מוני האָט טאַקע דורכגעשניטן גאָר־וואָס דעם הפקר־שטח און געלאָזט אָן אַ זייט דאָס אַראַבישע דאָרף, פאָלגנדיק די אָנווייזונגען פון אַ יידישן פאַסטעך פון תל־מונד.

אין כפר העס דאַרף מוני זיך באַגעגענען מיט זאבן.

אויף אַ קליין טירל וויגט זיך אַ קינד. דאָס איז אַ מיידעלע פון אַ יאָר דריי.

— וווּ וווינט דאָ זאבו?

מוני האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיין קול. אַזאַ טרוקן קול, אַ הייזעריקס ווי דער געסקריפּ פון אַלטע טירן. ער לאַכט מיט מידע אויגן.

דאָס קינד אַנטלויפט פון אים אַ דערשראָקנס ביז צו דער שוועל. אויף דער ערד, ביים טירל, ליגט אַ גרויסע לייוונטענע ליאַלקע.

אָ, ווי גוט עס איז דער קאַלטער טרונק וואָס עס גיט דיר אַזאַ קליין מיידעלע פון כפר העס.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שוועל און געוויגט די ליאַלקע. אין די אויגנווינקלען איז אים פייכט געוואָרן. תמיד קומען אָן טרערן און ער ווייסט נישט פאַרוואָס. גראָד ביי פרעמדע שוועלן, ווען ער זעט קינדער, ווייסע פאַרהאַנגלעך אין די קליינע דאָרפס־פענצטערלעך. דאָס זענען טרערן פון פרייד, פון בענקשאַפט, פון טרויער און פון איינזאַמקייט.

— זיצט נאָך אַ ווייַלע, פרעמדער, רוט אייך אָפּ — זאָגט צו אים אַ פרוי. — איר זענט אַוודאי נישט לאַנג אין לאַנד? אָ, איך דערקען. מיין בחומהלע האָט מיר געזאָגט, אַז אַ מענטש וויל טרינקען.

איר פנים איז מילד און ליכטיק ווי זי וואָלט געקוקט גלייך אין דער זון אַריין. עס איז אָבער שאָטנדיק אין דעם הויף. אָ, ווי איר זוניק־צעקאַרבט פנים קאָן אַרויסרופן דעם מיראַזש פון זון! קוקנדיק אויף דער פרוי ציטערן אים די אויגן־לעדלעך ווי ער וואָלט פון דער דאָרפס־פרוי איבערגענומען דאָס שאַרפע זונליכט.

— טרינקט... טרינקט... איר זענט געקומען דורכן דאָרנפעלד?...

ער האָט מיט פנים אָנגעוויזן אויף די פעלדער.

— מען דאַרף נישט גיין מיט די פעלדער. עס זענען נאָך דאָ מינעס. עס איז אַ טרויעריק פעלד.

זי האָט אויף אַ רגע צוגעשלאָסן די אויגן און אַז זי האָט זיי געעפנט, זענען עס שוין געווען אַנדערע אויגן; גרויסע, טיפע, טונקעלע. אויגן ווי די איבערגעפּולטע בעכער.

— זאב וווינט אין דריטן הויז... ער וועט זיך פרייען... ס׳איז איצט די ערשטע וואָך ווי ער איז זיך צונויפגעגאַנגען מיט חנהן...

— צונויפגעגאַנגען? — האָט זיך מוני געחידושט.

— ביי אונדז זאָגט מען אַזוי... ער האָט חתונה געהאַט... ער קען איר שוין דריי יאָר... דאָרט, אויף די פעלדער די הפקרדיקע, ביי די אַריינגענג צום אַראַבישן דאָרף טירה האָבן זיי זיך דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט...

זי האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן נאָר דאָס קליינע מיידעלע האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און געפירט צום שכנס הויז.

— דוד זאבו!... דוד זאבו!... — האָט זי געשריִען צו דער ליאַלקע.

זיי האָבן זיך האַרציק אַרומגענומען, די צוויי אַלטע פריינד, זאב און מוני.

אין שטוב איז טונקל. די שטאָרן זענען אַראָפּגעלאָזן. אין אַ זייטיק צי־

מערל פֿאַרעט זיך אַ פרוי. עטלעכע מאָל איז זי געבליבן שטיין אין דער אָפּע־נער טיר און געשמייכלט. מוני האָט דערקענט אין דעם שמייכל אַז די יונגע פרוי איז באַקאַנט מיט אים און ווייסט אַלץ פון זיינע מלחמה־יאָרן. אַפּילו דעם שטומען געשפרעך פאַרשטייט זי. זי ווייס אַז דאָס וואַנדערן איצט ביידע אויף די מלחמה־פעלדער פון רוסלאַנד.

— ווי אַזוי האָסטו געטראָפן צו אונדז? — האָט נאָך אַ לאַנגן שווייגן געפרעגט זאב.

— דיין אַדרעס האָב איך באַקומען. אַ פּאַסטעך האָט מיך דורכגעפירט ביזן סאַברע־צוים.

— אַ פּאַסטעך? — האָט זאב זיך געחידושט ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסרופן אין זיין זכרון דעם פּאַסטעכס פּנים.

— עס איז אַזוי טונקל... עפן אַ פענצטער... איך וויל דיך אָנקוקן... אָ, ווי עס איז הייס... כ׳האָב געבלאָנדזשעט לאַנגע שעהן...

מוני האָט געטרונקען דעם מאַראַנצן־זאַפט און דערנאָך עפּעס געזאָגט. ער האָט געפילט אַז די רייד בינדן זיך נישט. דער טשאַד פון חאַמסין האָט דורכגענומען זיין מאַרך. ער האָט נאָך אַלץ געשפּירט די הוילקייט אין אונ־טערשטן טייל פון שאַרבן און יעדער קלענסטער שאָרך האָט אים אויפגע־רעגט.

אַ שווערער לאָדן האָט זיך געעפנט און די שטאָרן האָבן זיך אויפגע־הויבן. אַ בלענדיקע ליכטיקייט, וואָס איז תמיד שאַרף ביז ווייטיק נאָך אַ פינצטערניש, האָט אים אַ שלאָג־געטאָן אין די אויגן.

אין אָפענעם פענצטער איז געשטאַנען זאבס פרוי. זי האָט זיך איבער־געבויגן איבערן פענצטער־ברעטל און אַרויסגעקוקט ווי זי וואָלט דאָרט עפּעס געזוכט וואָס איז גאָר וויכטיק און וואָס קען נעלם ווערן אויב זי וועט עס איצטער נישט באַטראַכטן. דאָרט איז אָבער גאָרנישט געווען אויסער אַ קאַק־טוס־קוסט פול מיט שטויב און שטעכערס.

— דו האָסט געבלאָנדזשעט? — האָט זאב ווידער געזאָגט, וועלנדיק איבעררייסן דאָס פּלוצימדיקע שווייגן. — עס איז דאָך אַזאַ גלייכער וועג פון הויפּט־שאָסיי. דורך וואַנען ביסטו געקומען, מוני?

— דורך דעם דאָרנפעלד. כ׳האָב אויסגעמיטן דאָס דאָרף טירה און געגאַנגען גלייך אויפן וואַסער־טורעם. כ׳האָב אָבער נישט געקענט דורכגיין צוליב די סאַברע־צוימען און דערנער.

די פרוי האָט זיך האַסטיק אויסגעבויגן צו מונין און אַריינגעקוקט אין זיינע אויגן.

ער האָט נישט אויסגעהאַלטן איר דורכדרינגענדיקן בליק און אָנגעהויבן שטאַמלען:

— אַזאַ וויסט פעלד... אַזעלכע שטעכיקע דערנער פול מיט גיפט... ווי זיי האָבן צעריסן מיינע הענט... פון דער ווייטנס דוכט זיך, אַז אַ מילדע בלאָ־לעך־גרינע, ברויך־זילבערדיקע ווייט שפרייט זיך פאַר דיר און דאָ — אַזאַ וויסטעניש, אַזאַ הפקר־פעלד...

עס באַטראַכטן אים גרויסע צעשראָקענע אויגן אין וועלכע עס טליען טרויער־פייערלעך. איר ברויין לענגלעך פנים איז פאַרוואָלקנט געוואָרן און אַ וויסטער נעפּל איז אָנגעשוווּמען.

מוני האָט דערפילט אַ שולד כאָטש ער האָט נישט געקענט דערגייז אין וואָס זיין שולד באַשטייט. ער האָט דערקענט, אַז מיט זיין קומען, האָט ער אַרויפגעצויגן אויף דעם פנים פון דער פרוי אַ טרויער. איצט איז שוין אַלץ פול מיט טרויער. אַפילו דאָס ברויט וואָס ער עסט.

די רייד האָבן זיך מער נישט געבונדן. ער האָט מער נישט געקענט אַריינקוקן אין דער פרויס פנים, כאָטש ער האָט עס זייער געוואָלט טאָן. זי האָט אים אויסגעמיטן, און אויב זי האָט עפּעס געפרעגט, איז עס געווען פון אַ צווייטן צימער. פאַרטאָג וועט ער אַוועקגיין פון דאַנען ווי נאָר די זון וועט אויפשיינען.

·

עס איז שפּעט ביינאַכט.

אַ טיפער אויסגעשטערנטער הימל. מוני שטייט ביים אָפענעם פענצטער און קוקט אויף גאָטס נאַכטיקע וועלט.

ווי ברייט עס איז דער מילכוועג! מען קען זיך פאַרלירן אין דעם שטערנ־שטויב פון די הימלען. אַ קיל ווינטל וויגט די פעכער־בלעטער פון אַן איינ־זאַמער פאַלמע.

מען קען אויסרעכענען וויפל רגעס עס דאַרף דויערן ביז דער ווינטלדי־קער נאַכט־אָטעם וועט דערגיין צום פאַרלאָשענעם פענצטער. אַזוי חזרט עס זיך איבער, ווי די נאַכט וואָלט געאָטעמט.

פון וואַסער־טורעם טראָגט זיך אַ וויינענדיק קול פון אַ נאַכט־סאָווע. ווי טרויעריק עס איז דאָס הפקר־פעלד אין דער אויסגעשטערנטער נאַכט! — מוני, שלאָפסט נישט?

דאָס איז זאב. דער גוטער, פשוטער זאב פון יענע ווייטע וועלטן.

עס איז אַ שטילע נאַכט. אין אַראַבישן דאָרף טירה צאַנקען קליינע פייערלעך. פאַרשאָטנטע שטאַמען פון סיקאָמאָרן, פון איילבערטן און אַ ברײ־

טער זילבערשטרייף וויגט זיך אויף דער ערד — דאָס איז דער מילכוועג וואָס נידערט איצט צו די פעלדער.

— איך וועל נישט קענען איינשלאָפן אין אַזאַ נאַכט — האָט אים מוני געזאָגט.

ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן פענצטער און דערזען אין לבנה־ליכט אַ סאַברע־קוסט, אַ ברייט־צעוואַקסענער קוסט. די שטעכערס זילבערן זיך און פון דער פרוכט טראָגט זיך אַ פאַרוויגנדיקער געשאַרך פון נאַכט־פלאַטערס.

מוני האָט זיך איינגעקוקט אין קוסט און זיין פנים איז פול געוואָרן מיט צעריסענע סאַברע־שאָטנס. אַז ס׳איז אָנגעקומען דאָס נאַכט־ווינטל וואָס האָט אויפגעלעבט די נאַכט־געוויקסן, האָט ער דערפילט אויף זיין גומען דעם ביטערן טעם פון ווילדגראָז און אויף די ליפּן האָט ער דערשפּירט דעם שטעכיקן שטויב פון די סאַברע־פרוכט־הערעלעך וואָס טראָגן זיך אין דער לופט.

— דעם קוסט האָט חנה פאַרפלאַנצט. עס איז שוין דריי יאָר.

— אַזאַ שטעכעניש ביים פענצטער?

— וואונדער זיך נישט. עס וועט דיר אַלץ קלאָר ווערן. האָסטו געזען איר טרויעריק פנים בעת דו האָסט דערציילט פון דאָרנפעלד? האָסטו נישט באַנומען איר שוויגן דעם גאַנצן אָוונט?

זאבס האַנט איז קיל נאָר זיין אָטעם גליט.

— תמיד ווען מען רעדט וועגן הפקר־פעלד, וואָס שפּרייט זיך אַזש ביז טירה, ווערט חנה טרויעריק. עס איז אַ טרויער וואָס קומט פּלוצעם אָן און פאַרגייט אַזוי ווי דער נאַכט־אָטעם. ווען דו וואָלטסט אָנגעקומען מיטן הויפּט־וועג, נישט דורך די פאַרווילדעוועטע פעלדער, און נישט געוויזן דיינע צעשטאָכענע הענט פון די דערנער, וואָלט זי איצט געזעסן מיט אונדז און געמיטלעך גערעדט. יאָ, מוני, דו האָסט געבראַכט דעם ריח פון דערנער און דעם שטויב פון די אייזל־שטעגלעך לעבן דאָרף טירה. דערמיט איז אויפגעשווומען יענער טאָג פון חודש מאַי ערב דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה.

— לאָמיר וואַרטן אַ ווײַלע...

ביידע האָבן געוווסט אַז זיי ווילן איבערוואַרטן נישט נאָר דאָס נאַכטיקע געוויין פון אַ פויגל.

אין אַזעלכע נעכט איז נישט שטיל. עס איז נאָר אַן אויבן־אויפיקע שטילקייט. לייג צו דיין אויער און דו וועסט הערן אַ וואָרקערייַ פון טורקל־טויבן, אַ צישעריי פון אַ שלאַנג, אַ ווייט־ווייט שאַקאַלן־געיאָמער און אַ געשאָרכעריי פון טרוקן־גראָזן. עס טרעפט, אַז ס׳קומט פון ערגעץ אָן אַ פאַרבלאָנדזשעטער ווינט און טרייסלט אַ ווילדצווייג. קוקסטו דעמאָלט אויף דעם

פעלד פול מיט חידוש: אַלץ רוט, קיין שאָרך, קיין ציטער און דאָ וויגט זיך אַן איינזאַמער דאָרן אין דעם אויסגעלאָשענעם פעלד. אַזוי איז עס אויך מיט מענטשן. אַ ישוב שלאָפט רואיק נאָר איין מענטש וואַנדלט אַרום ווי אַ ווערבל־ווינט וואָלט אים געפאַנגען.

ווי ער מיידט עס אויס צו דערציילן פון יענעם מאַי־טאָג — האָט מוני געטראַכט. און וואָס האָט דאָס אַלץ אַ שייכות צו דעם ווילדן סאַברע־קויסט לעבן דעם פענצטער?

— איך דערקען דיין נייגער, מוני...

זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס.

אַ שוואַרץ־געפלעקטער הונט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן איז זיי נאָכגע־גאַנגען.

— זעסט דעם וואַסער־טורעם? דאָ האָבן מיר זיך געזאַמלט אין יענעם טאָג. דאָס איז געווען דער דריטער טאָג פון מיין קומען אין לאַנד אַריין. מיר זענען געגאַנגען אויף דעם אַראַבישן דאָרף טירה. די אַראַבער האָבן געוואָלט אָפּשניידן חיפה פון תל־אביב. זיי האָבן באַדראָט דעם איינציקן שאָסיי. פון דעם אָבסערוויר־טורעם האָבן מיר גוט געזען זייער דאָרף. עס זענען געווען גרויסע טעג פאַר יידן. מיר זענען געגאַנגען דורך דעם הפקר־פעלד. עמעצער האָט געזונגען. אין אייקאַליפּט־וועלדל האָט געשפּילט אַ פּאַטעפאָן. טירה איז האַלב פאַרלאָזן. די אַראַבער זענען אַוועק באַפאַלן כפר־סבא. דאָס פעלד איז מיט דערנער, מיט שטעכצוימען. ווי אַנדערש עס איז ד אָ פון ד אָ ר ט ן. געדענקסטו דעם לעצטן גראַנאַט וואָס איך האָב געשליידערט אויף דעם טאַנק ביים טייך בוג?

זאב ציטערט. מוני פילט דאָס ציטערן אין זיינע פינגער. זיי זענען הייס און פייכט.

— ...צוועלף בייטאָג זענען מיר צוגעקומען צו די סאַברע־צוימען פון טירה. מיר זענען זיי אַריבערגעשפּרונגען. און מיטאַמאָל — אַ ווילד פייער פון רעגולער איראַקיש מיליטער. אַ פייער־גהינום! דאָס איז געווען אַ גוט־געצילט אויטאָמאַטיש שיסעריי. אַ טייל פון אונדז האָט זיך געוואָרפן פאַר־רויס, אין אַראַבישן דאָרף אַריין. זיי זענען אָבער נישט דערלאָפן. אַ פייער האָט זיי פאַרצוימט דעם וועג. די אַראַבער האָבן געשאָסן פון די הייזער אַרויס, פון הינטער די צוימען, פון די קוסטעס. אָפּטרעטן! — איז געקומען אַ באַפעל. מיר זענען שוין אָבער געווען צעשטויבט איבערן פעלד און קיי־נער האָט מער נישט געהערט קיין באַפעלן. אונדזערע פיינד זענען געווען נישט נאָר די אַראַבער נאָר אויך די דערנער. פון פאָרנט — פייער און פון

הונטן — דערנער, ווילדע שטעכיקע סאַברע־צוימען וואָס וויקלען אונדז אַרום ווי די גיפטיקע שלאַנגען. זיי לויפן אונדז נאָך, פאַרפּלאָנטערן אונדז דעם וועג און פאַנגען אונדזערע גופים אין זייערע שטעכיק־פאַרסמטע אָרעמס אַריין. אַ וויסט געיאָמער אַנטקעגן דעם אומרחמנותדיקן מיטאָג־הימל. איינצל־נע שיסערייען. אַן אויסגייענדיקער רוף און ווידער אַ ווילד שיסעריי. איך ליג אַ פאַרבלוטיקטער, אַ פאַרחלושטער צווישן קאַקטוסן. די נאָדלען האָבן זיך איינגעשטאָכן אין מיין לייב. איך בין לעבעדיק געקרייצט געוואָרן צו דער דאָזיקער ערד אויף וועלכער דו האָסט היינט געטראָטן. איבער מיר הויערן קעפּ פון סאַברעס. טויזנטער נאָדלען; זילבערנע, ברוינע, ברושטינענע, פייער־דיקע, רויטע פון מיין בלוט נאָגלען מיך צו דער ערד. איך ליג מיט פאַרמאַכ־טע אויגן. ערגעץ נאָענט הער איך אַ געלויפעריי. אַן אייזל יאָמערט אין טירה. אַן האָן קרייט. דאָס איז פאַר מיר אַ סימן אַז איך לעב נאָך. מיין גומען איז פאַרטריקנט. די ליפּן צעפּלאַצט. דאָס מויל איז פול מיט שטויב, גע־וויקסן־אָפּפאַל און ערד. איך דריק זיך אַלץ מערער און מערער צו דער ערד ביז כ'פיל ווי עפּעס ווייכס פאַלט אויף מיר אַרויף און הילט מיך איין... דאָס איז אַ וואָלקן... אַ שוואַרצער בראָך־וואָלקן וואָס כ'געדענק אים נאָך פון מיי־נע יינגל־יאָרן... באַלד וועט ער אויפגעריסן ווערן און אַ זיגזאַגישער בליץ וועט צעשניידן די הימלען און די ערד. ער וועט אַוועקשווימען און מיך מיט־נעמען. איך וועל זען ווי אונטן, אין דער נידער, שווימען ברייטע טייכן און ביי די ברעגן דרימלען קליינע יידישע שטעטלעך מיט טורעמדיקע קלויסטערס, מיט אָרעמע מערק... מיינע שוואַרצאַפּלען ווערן פאַרמירמלט... שוואַרצער מירמל... איך זע שוין גאָרנישט... עס איז מיר אויסטערליש גוט... איך בין אין קעניגרייך פון וואָלקנס, טייכן און שנייען...

ווען זאב האָט אויפגעהערט צו רעדן איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. אין צימער איז ליכטיק געוואָרן. אין אָפענעם פענצטער האָב איך דערזען חנהס סילועט.

— לאָמיר צוריקגיין, זאב, חנה וואַרט אויף אונדז. איך קאָן מער נישט הערן. אויך דיר פאַרשאַפן דיינע רייד ווייטיק. איך פאַרשטיי אַלץ...

— דו פאַרשטייסט אַלץ? ניין, דו קאָנסט נישט אַלץ פאַרשטיין! נאָר דער וואָס איז דורך ביידע פייערן, דאָס פייער ד אָ ר ט און דאָס פייער ד אָ קען פאַרשטיין. דו באַנעמסט נאָר אַ טייל פון די ליידן. דאָרט האָבן מיר געמיינט אַז דאָס איז דער סוף און נאָך דעם סוף וועט קומען אַ וווּנדער־וועלט. יאָ, עס האָט נישט קיין סוף דער וועג צווישן דערנער, צום שיינעם, צום לאַנד פון רו. וואָס האָב איך דען געוואָלט ביי דער וועלט פאַר די וויס־טעגישן פון אונדזערע היימען, פאַר די שניי־אָקאָפּעס, פאַרן נע־ונד? איך

האָב געוואָלט די פאַרשאָטנטע שטוב, דעם שטויב־וועג, דעם וואַסער־טורעם, די שטילע חנה.

מיר זענען געגאַנגען איבער דער גאַס פון דאָרף. באַלד וועט שוין טאָגן.

— פאַרוואָס פרעגסטו מיך נישט וועגן חנהן?

— כ׳קאָן נישט.

— דו קאָנסט נישט?

אין זיינע רייד איז געווען בולט דער געמיש פון מיטלייד און שפּאָט. פאַרבאָרגענער שפּאָט פון איינעם וואָס דערזעט דעם פריינד דורך־און־דורך.

— דו ביסט דאָך פול מיט נייגער און דאָך שווייגסטו? כ׳האָב ליב אַז מען רעדט, אַז מען פרעגט. ס׳טוט מיר ווי דיין איידלקייט. איידלקייט וואָס איז נישט מער ווי אַ מאַסקירונג פון רחמנות. איך דאַרף נישט קיין מיטלייד. אַלץ רעדט דאָך אין דיר מיט שטומען געבעט: „ווי אַזוי קומסטו צו חנהן, ווו האָסטו איר באַקענט? פאַרוואָס זענען אירע אויגן אַזעלכע גרויסע און טרויעריקע? פאַרוואָס שווייגט איר ווען איר זעט דאָס דאָרנפעלד?״ איך וויל נישט אַז דו זאָלסט אַוועקגיין און זיך, אין האַרצן, לויבן פאַר דיין העפלעכקייט און דינקייט. לאָמיר זיך אָפּטרייסלען פון דעם. מיר זענען דאָך אַלטע שלאַכטמענער...

ער האָט מונין אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע און זיין פּנים איז אויסגעקרומט געוואָרן פון אַ ביטער געלעכטערל.

— ביסט נאָך אַלץ דער „אַלטער וואָלף״?

ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

— ...אין יענער נאַכט האָב איך פּלוצים געעפנט די אויגן. עס האָט געזאָלט זיין מיין לעצטער בליק אויף דער דאָזיקער ערד. דער בראָך־וואָלקן איז צערונען געוואָרן. איך בין אַלץ געבליבן אויף דעם בערגל צווישן די דערנער. אין טירה איז ליכטיק. דאָס אַראַבישע דאָרף איז וואַך. זיי פייערן דעם נצחון איבער די יאַהודים. אויף אַ פלאַך ברענען שייטערס. אַ וויסט געוואַי פון צעיושעטע איראַקישע סאָלדאַטן. מען טאַנצט אַרום די פייערן. די פלאַמען פלאַקערן־אויף אַלץ העכער און העכער. כ׳הער דעם געציש פון די פייער־צונגען. און מיטאַמאָל לויפן אָן פערד, און צו די פערדישע עקן זענען צוגעבונדן מענטשן. דאָס זענען אונדזערע! אונדזערע בחורים! די פערד שפּרינגען אין ווילדן גאַלאָפּ. ווערן געטריבן פון אַ המון. איך אָטעם רויק וואָס דער ווינט דערטראָגט צו מיר. אַז כ׳שליס די אויגן פיל איך ווי עס פאַרדעקט מיך אַ קאַלטער טוי. עמיצער גייט. מען העשעט אין די צווייגן אַריין, אין די גראָזן אַריין, אין די שטעכיקע צוימען: אורי... אורי... אוריאַ־

לע... אָ, גאָט, דאָס איז אַ פּרויען־שטים. איך האָב אַ ציטער־געטאָן און מיינע פאַרברענטע ליפּן האָבן עפּעס אויסגעשטאַמלט.

ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט און אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף מוניס אַקסל.

— זי האָט מיך געטראָגן אויף די הענט. כ׳האָב געזען אירע פאַרבלו־טיקטע פינגער, וואָס האָבן איינגעקלאַמערט מיין צעריסן לייב, און בלוט מיט בלוט האָט זיך אויסגעמישט. דאָס איז געווען חנה. אַ טאָכטער פון כפר העס. זי האָט זיך דורכגעריסן דורך די פאַרצוימונגען פון די וואָך־פּאָסטנס און גע־לאָפן איבער דעם הפקר־פעלד זוכן איר אורי און זי האָט מיך געפונען. אורי איז נישט צוריקגעקומען. זיין גוף איז געווען צווישן די גופים פון יענע ווילד־גאַלאָפּירנדיקע פערד אַרום די שייטערס אין אַראַבישן דאָרף טירה. קיינער ווייסט נישט ווו עס איז אַהינגעקומען אוריס קערפּער און די קער־פּערס פון זיינע חברים. עס איז שוין דריי יאָר זייט יענער נאַכט. איך בין ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק געקומען אין דעם הויז אַריין. חנה האָט אַלץ געוואַרט. דערווייל איז אויסגעוואַקסן דער ווילדער סאַברע־קוסט ביי איר פענצטער. זי האָט אין די פאַלדן פון איר צעריסן קלייד געפונען אַ יונגן קאַקטוס־בלאַט וואָס האָט זיך פאַרקלאַמערט פון יענע קאַקטוס־צוימען ביי די אַריינגענג צום דאָרף טירה. דאָס איז אוריס איינציקער אָנדענק, אַט־אָ דער קוסטביים פענצטער.

פאַרטאָג האָבן זיך די פריינד געזעגנט.

— קום דאָס אַנדערע מאָל דורכן הויפּט־וועג — האָט חנה געזאָגט.

ער האָט נאָר אַ בליק געטאָן צום וואַסער־טורעם און גלייך אַוועקגע־שפּאַנט מיטן ווייסטן פעלד לענגאויס די טרויעריקע איילבערטן און דערנער.

האָסטו געזען ווי אַזוי עס שטאַרבט אַ בוים? ווי אַזוי עס שטאַרבן פאַר־לאָזטע פּרדסים?

יאָ, איך האָב דאָס געזען.

צוערשט האָבן פון די שטאַמען אַרויסגעשפּראָצט, ווי דורך איין נאַכט, געל־קרענקלעכע צווייגלעך מיט אומגעלומפּערטע גרויסע בלעטער. זיי האָבן אויסגעזויגן די לעצטע זאַפטן פון שטאַם און נישט דערלאָזט אַז די ביימער־שפּיצן זאָלן קענען געדייען. מיט אַ וואָך שפּעטער האָט דער פּרדס אָנגעטאָן אַ דערנער־קרוין; די העכסטע שפּיצן זענען פּלוצים פאַרדאַרט געוואָרן און פּערלמוטערנע שנעקעס האָבן געדיכט באַזעצט די שוואַרצע קרוין־ריטלעך.

האַרט ערב די רעגנס זענען די בלעטער באַפּינטלט געוואָרן מיט זשאַ־ווער־פלעקן און עס האָט זיך אויסגעטיילט אויף זיי אַ קרענקלעכער אָדער.

דאָס קלענסטע ווינטל האָט געטראָגן הויפנס בלעטער: אויסגעטריקנ־טע, פאַרוויקלטע, וואָס האָבן זיך געקייקלט איבער די זאַמד־געסלעך און געבליבן ליגן אין סאַברע־שטויב און ביי די פּאַראַיאַריקע טרוקן־גראָזן.

אין אַזעלכע נעכט האָב איך זיך איינגעהערט אין געוויין פון דער סאָווע.

כ׳האָב געוווסט אַז אין איינעם אַ טאָג וועט אַוודאי קומען אַ טראַקטאָר, אַרויסרייסן די שטאַרבנדיקע ביימער און אָפּרייניקן דעם שטח.

איך האָב געקענט די צווייגן פון די ביימער און געזען ווי די דערנער־קרוין ווערט אַלץ גרעסער. געדיכטער און מעכטיקער. נאָך אַ וואָך, נאָך אַ חודש און די טויטע דערנער־קרוין וועט זיך באַהעפטן מיט דעם אויסגעלאָ־שענעם באָדן און עס וועט ווערן איינס — אַן אויסמיש פון דערנער, ערד און געוויקסן־אָפּפאַל, און איבער דעם אַלעם וועט קיניגן דער אַלטער סיקאָמאָר און די טייוולהאַר־קוסטעס.

איך בין אָנמעכטיק אין דער דאָזיקער וועלט פון טריקעניש און טרויער.

אין די נעכט חלום איך פון ברייטע טייכן, פון וואָלקנס אָנגעזאַפּטע מיט רעגן, און פאַרטאָג, אַז כ׳שטיי ביים פענצטער, צאַפּל איך אויף פאַר פרייד ווען כ׳זע ווי די קליינע שטויב־פייגל טרינקען די טויען פון פאַרוויקלטע בלע־טער. דערנאָך גייט אויף די אומרחמנותדיקע זון. באַלד וועט מיך דער אויטאָ

טראָגן איבערן שמאָלן שאָסיי אין שטאָט אַריין. דערנאָך וועט אַלץ ווידער זיין ווי נעכטן און פאַר נעכטן.

ביינאַכט וועל איך זיצן ביים נאַפט־לאָמפּ און בלעטערן אַלטע ספרים.

איך האָב גאָרנישט געבראַכט אין דעם לאַנד אַריין. כ׳בין געקומען אַהער אַ מידער און טרויעריקער. מיינע שמאָלע אַקסל זענען צונויפגעצויגן. איך ציטער־אויף ווען עמיצער רופט אויס מיין נאָמען. מיר איז גוט ווען מען רופט מיך נישט, ווען מען דאַרף מיך נישט און מען וואַרט נישט אויף מיר און קיינער קלאַפּט נישט אין מיין טיר.

עס איז גוט צו זיין אַ פאַרגעסענער פון אַלעמען און אַן אַליינגייער אי־בער די אַלטע קעמלוועגן ווו דער ווינט האָט שוין לאַנג פאַרשאָטן די שפּורן פון קעמלען און מענטשן. און דאָך טראָגט מיך מיין אומרו צו מענטשן און אַז איך קום צו זיי, זיך איך אַ שווייגנדיקער און טראַכט פון אויסגייענדיקן פּרדס.

איך וואַרט אויף דעם טאָג וואָס וועט מיך אַרויספירן פון וויסטן געפּלאָנ־טער; פון די אייזלשטעגלעך, פון קעמלוועג, פון דעם טרויעריקן פאַרלאָזטן אַראַבישן דאָרף. ער מוז קומען דער אויסגעבענקטער טאָג. דערווייל גיי איך אויף דעם זעלבן זאַמדוועג און בלייב שטיין פאַר די אָרעמע טירן פון מיינע שכנים און איך רעד מיט זיי וועגן וועטער, וועגן דער טריקעניש.

מיין קול ברעכט זיך און איך בעט מיט אויסגעלאָשענע אויגן הכנעהדיק אַ מילדן שמייכל און וואַרט אויף עפּעס וואָס איך אַליין ווייס נישט אויף וואָס.

אין איינעם פון די דאָזיקע טעג בין איך אַוועק פון שטוב. איך האָב אַפילו זיך נישט אומגעקוקט אויף צוריק. כ׳האָב געוווּסט, אַז די פאַרחלושטע פלאַנצן פון קליינעם גערטנדל וועלן מיך צוריקברענגען צו מיין שוועל. איך האָב נישט געוואָלט הערן דאָס שטילע וואָרקעריי פון די טורקלטויבן. שוין לאַנג בין איך געלעגן אין הויף און די צוויי טורקלטויבן האָבן מיך באַטראַכט. תמיד, ווען איך גיי דורך דעם וועגל, פליִען זיי מיר אַנטקעגן און מאַכן אַ קרייז אַרום מיין קאָפּ.

עס איז די מיטאָג־שעה. אין געסל איז שטיל. איך גיי אין זאַמד און לאָז נאָך זיך אַפילו נישט קיין שפּורן.

איך האָב אַרומגעוואָגלט איבער די דרום־וועגן פון לאַנד. מיין פּנים איז פול געוואָרן מיט זונקנייטשן, אַ געזונטע ברוינקייט האָט באַדעקט מיינע הענט. כ׳האָב אויסגעגלייכט דעם רוקן און טיפער געאָטעמט. דער געדיכטער

שפּינגעוועב, דער גרוי־זילבערדיקער, איז אויפגעריסן געוואָרן און איך האָב דערזען גאָטס אָפענע וועלט.

כ׳האָב געאַרבעט אויף די שאָסייען פון נגב, כ׳האָב געטריבן שאָף אַנט־קעגן דעם זונאויפגאַנג, איך האָב אויפגעריסן די קופּער־פעלדזן פון תמנע. אין די נעכט בין איך אַרומגעגאַנגען אויף שמירה. אין די פרייע שעהן האָב איך אין בעדוי:נער־געצלטן געטרונקען קאַווע אין גאָלד־געליישטע טעצלעך און גערויכערט נאַרגילעס. איך האָב געלעבט אין סדום און געאַרבעט ביים פלאַסטערן דעם שאָסיי צווישן מעכטיקע בערג. כ׳האָב זיי אויפגעריסן מיט דינאַמיט. כ׳האָב געהערט די דונערן פון פאַלנדיקע פעלדזן.

מיין ברוסט איז ברייטער געוואָרן. איך האָב געקלעטערט צווישן די אָפּ־ריסן און באַרג־אַראָפּהאַנגען ווי אַ דערוואַכטער הירש.

קיינער האָט מיך נישט דערקענט. אַ קופּער־רויטע באָרד האָט צוגעגעבן מיין פּנים פרעמדס, אַז איך אַליין האָב זיך געחידושט: ווער איז ער, דער דאָזיקער מענטש? איך בין געווען זיכער, אַז אין דעם פאַרלאָזטן דאָרף, נישט ווייט פון יפו, ליג איך איצט אויף דעם אייזערנעם בעט און קוק אויף די טויטע ביימער־קרוינען. עס קען זיין, אַז איצט רוישן דאָרט טראַקטאָרן, וואָס גלייכן אויס די ערד כדי צו שטעלן קליינע הייזער פאַר די ניי־געקומענע אין דעם לאַנד אַריין. אויפן זאַמדוועגל וועל איך באַגעגענען מיין נעכטיק פּנים און איך וועל ווי אַ פרעמדער, שטילשווייגנדיק פאַרבייגיין...

איין מאָל האָט מיך אַ דזשיפּ אויפגענומען. ס׳איז געווען פאַרטאָג. איך בין אַרויס וואַנדערן אין מדבר.

עטלעכע יונגע מענטשן זענען געפאָרן צום דרום פון ים־המלח. זיי האָבן מיך עפּעס געפרעגט און איך האָב גיך געשלאָסן מיט זיי באַקאַנטשאַפט.

עס איז גוט געווען צו רייסן זיך פון אַ שטויב־וואָלקן, וואָס האָט אונדז נישט געקענט דעריגרייכן. ער איז געבליבן דערשטיקט אונטער אונדזערע רעדער. אַזוי זענען מיר געפאָרן לאַנגע שעהן. מיר איז געווען אַלצאיינס וווהין.

די וועגן זענען מסוכנדיקע. מיר שפּרינגען צווישן פעלדזן, מיר לויפן ביים ראַנד פון תהומען. אָפּטמאָל זוכן מיר מיט שיכורע אויגן, צווישן נאַ־קעטע דערנער און אויסגעלאָשענע שטיינער, די לופע פון אַן אָנגעשטעלטער ביקס. עמיצער באַרירט זיין טאַש און זוכט דעם רעוואָלווער. אַ לאַקנדיק־זיסע שרעק באַגלייט אונדזער לויפעניש סתם אין מדבר אַריין. דאָס באַרו־איקט מיך גראָד ווייל יענער נאַגנדיקער טרויער, וואָס איז אויסגעמישט מיט מיין בלוט, טרעט אָפּ; די מרה־שחורה, דער גלייכגילט, די הכנעה, די מיד־

קייט, דער וואַלקן פון שפּינגעוועב וואָס האָט מיך פאַרהילט — דאָס אַלץ וועט שוין אפשר מער נישט צוריקקומען.

איך בין מתפּלל צו דער דאָזיקער זיסער שרעק, צו די לויערונגען, צום געלויף פון דזשיפּ וואָס אָט־אָט וועט ער צעשאָטן ווערן ווי אַ קינדער־וועגעלע צווישן מעכטיקע פעלדזן. איך בין דערלייזט געוואָרן פון יענעם געפאַנגענעם מענטש צווישן די שאָטנס פון נאַקעטע ווענט, פון דעם הכנעהדיקן שטאַמלער ביי פרעמדע שוועלן, פון דעם נעבעכדיקן, ציטערנדיקן יונגן מענטש פאַרן גורל פון טורקלטויבן און בלייכע פלאַנצן פון אָרעמען הויף. ער איז מער נישטאָ דער געבראָכענער, דער שטילער און אויסגעלאָשענער! אַן אַנדערער איז אויפגעשטאַנען! מיר איז אויסגעקומען אַז איך האָב דורכגעמאַכט אַ לאַנגע קראַנקייט און איצט האָב איך ווידער דערפילט לעבן אין זיך.

דער דזשיפּ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

מיר האָבן געשטילט דעם דאָרשט און מיט די האַנטפלאַכן געווישט דעם שווייס פון פּנים. דריי זעגען מיר געווען. זיי האָבן גענומען די מעסט־מכשי־רים און אָראָפּגענידערט צו אַ טאָל. דאָס איז געווען אַ זילבער־זאַמדיקער בעקן צווישן צוויי בערג.

— מיר בלייבן דאָ אַ צוויי שעה! — האָט איינער געשריִען.

אַז זיי זענען אַוועק האָב איך גערופן צו די בערג מיט אַ מעכטיק קול און דער רוף איז מדבר האָט מיר פאַרשאַפן פרייד. זיבן־פאַכיק האָט זיך גע־קייקלט מיין רוף ביז עס איז צוריקגעקומען צו מיר אַזוי געלייטערט, אַזוי ריין ווי דאָס צעגאָסענע זונזילבער פון די פעלדז־שפּיצן.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין און געקוקט צו די ווייטן: זאַמד־אינדזלען צווישן אויסגעברענטן אַש־גרויען שטיין־אָנהויף, נידעריקע ביימלעך ווי שוואַרצע פעלדז־אָדערן אין געשפּאָלטענע שטיינערנע ווענט. נאָך דעם פאַרשאָטנטן פעלדז שפּרייט זיך אַ שטאָט, אַ שטאָט אויסגעהאַקט פון ווייס־בלאָען מירמל, אַ פאַרגעסענע שטאָט וואָס אַלע וועגן אַהין פירן דורך נידעריקע וואַלקנס.

מיטאַמאָל האָט אויף מזרח עפּעס אויפגעציטערט.

איך בין אויפגעשפּרונגען פון אָרט און דערזען ווי עס טיילט זיך אויס פון הונדערט שלייערן אַ מעכטיקער פעלדז.

פריִער האָב איך געמיינט, אַז דאָס רויט־גאָלדענע פאַרגליוווערטע וואַלקנדל וועט צערונען ווערן — דאָס איז אָבער געווען דער שפּיץ פון פעלדז. איצט זע איך אים אין זיין גאַנצער פּראַכט.

אָ, דאָס איז ער, דער וואונדערלעכער פעלדזן־באַרג פון לאַנד אדום! איך האָב געהערט וועגן זיין שיינקייט אין די בעדויִנער־געצלטן.

ער דערנענטערט זיך צו מיר, ער שווימט צו מיר נענטער און נענטער. איך שטיי אַ געפּלעפּטער. אַ געמיש פון אַלערליי גאָלד, פון קופּער, פון מעש און ניקל. זיינע ראַנדן זענען באַזעצט מיט רויטן גראַנאַט־שטיין.

איך שפּיר אַ קילקייט, ווי עס וואָלטן געפּלאָסן ווייַנען, אַלטע ווייַנען פון קאַלטע קרישטאָל־וואַזעס אין זונליכט, וואַזעס און קרוגן וואָס זענען נאָר־וואָס געבראַכט געוואָרן פון טיפע קעלערן.

איך אָטעם מיט אַ רויט־ווייַניקער קילקייט און אַ שיכּרות באַהערשט מיך. איך גיי אַנטקעגן דעם פעלדז.

מייַנע אויגן קענען זיך נישט אָפּרייסן פון רובינען־געבלענד, פון גע־שימער פון גראַנאַטן־שטיין, פון דעם מירמל און קרישטאָל.

די לופט אַרום פעלדז איז קיל. אַ קילער שטראָם, אַ געזעטיקטער, אַ פאַרוויגנדיקער פירט מיך פאָרויס.

איך זע שוין דעם פעלדז ביי מיין צופוסן — דאָרטן שפּרודלען זילבער־קוואַלן און אַרום די קילע וואַסער־שטראָמען שפּרייטן זיך גרינע טעפּיכער פון סעדער און גערטנער, און פון דאָרט שייַנט אַרויס די אוראַלטע פעסטונג. דאָס איז דער פּאַטראַ־שלאָס! די פלאַנצן זענען מיט טוי. אַ בלאָלעכער, דורכ־זעעוודיקער נעפּל וויגט זיך איבער די געהאַקטע שטעגלעך וואָס פירן צום פעלדז — דער פעלדז אין לאַנד פון אדום וואָס האָט זיך אַזוי אומגעריכט אַנטפּלעקט פאַר מיר.

זע, די בערג זענען פון הייסן אַש, נאַקעטע וועגן, פאַרשטיינערטע דער־פער און שטעט. דאָרט בושעווען אַרום הייסע ווינטן. אַ וויסטעניש. אָן וועגן און אָן שטעגן. נאָר אייך־און־איינציקער שאָסיי וויקלט זיך ווי אַ רצועה וועט מיך צוריקפירן צו מיין היים ביים שטאַרבנדיקן פּרדס, צו יענעם פלאַכ־לאַנד, צו די ליימיקע הייזער, וואָס עס האָבן געלאָזן די אַנטלאָפענע אַראַ־בער — און דאָ ליגט פאַר דיר אָפן דער שאָטנדיקער וועג צום פעלדז פּאַטראַ און צום שלאָס!

איך גיי און גיי און די שיכּרות פון אַלטן וויין מאַכט לייכט מייַנע טריט. איך ווייס, אַז מייַנע אויגן זענען אָנגעגאָסן געוואָרן מיטן רובינען־ליכט.

— אָהאָ־אָ־אָאָאָ! — רוף איך אין דער מדבר־וועלט אַריין.

איך הער אַ ווידערקול אָבער איך דערקען עס נישט. עס איז אַ בייז געשריי וואָס קומט פון פעלדזן־בעקן.

עס האָט אַ קלאַפּ־געטאָן און איך האָב דערזען אַ רויך־וואָלקנדל.

כ'האָב זיך אַראָפּגעזעצט אויפן הייסן זאַמד. ערשט איצט האָב איך דער־זען אַז איך בין ווייט אָוועק פון הויפּט־וועג און געפין זיך אין מיטן פון אַ

שטיין־פעלד. אַ דאָרשט איז מיך באַפאַלן. איך האָב געשפּירט אַז מײַנע אויגן ברענען!

ווען מען האָט מיך געטראָגן צום דזשיפּ האָב איך אויסגעקערוועט מײַן פאַרחלושט פּנים און געזען נאָר נעפּלען, פֿײַערדיקע נעפּלען.

איך וועל שוין קיינמאָל נישט אַרויס פֿון דעם פֿײַער־אָטעם, האָב איך געטראַכט.

דער דזשיפּ איז געשפּרונגען איבער די וועג־שטיינער, איך האָב זיך אָנגעשלאָגן אָן דעם הייסן בלעך, בין געלעגן מיטן פּנים אַרויף און געקוקט מיט די אויגן־ווײַסלען. איך האָב שוין מער נישט געהאַט קיין שוואַרצאַפּלען. זיי זענען צערונען געוואָרן אין שײַן פֿון אויסטערלישן פֿעלדז.

— העי, אמנון! — האָט איינער געשריִען — ווען דו אַנדעקסט נישט דעם נע־ונדן גייער צווישן די פֿעלדזן, וואָלט ער אומגעקומען! ער וואָלט אויסגעגאַנגען פֿון דער חמימה, אָדער, די אַראַבער וואָלטן אים דערשאָסן!

— עס איז אַ זיכערער טויט און דאָך, אויף דעם אָרט, טרעפֿן זיך אַלע אומגליקן.

דער שאָפֿער האָט זיך צעלאַכט. ער האָט הויך גערעדט און זײַן רויטע טשופּרינע האָט געפֿײַערט.

— וואָס ציט זיי אַהין? דער פֿעלדז? דער שלאַס וואָס עקזיסטירט נישט?

— ער איז דאָ, דער שלאָס! כ׳האָב אים געזען! — האָט עמיצער אויסגערופֿן.

— נאָך אַ קאַנדידאַט אויף זעלבסטמאָרד!

זיי האָבן געלאַכט. דאָס איז געווען אַ הילכיק געלעכטער פֿון יונגע מענטשן אין אַ גאַלאָפּירנדיקן דזשיפּ ביים ראַנד פֿון פֿעלדזן און תהומען אין סאַמע מיטן פֿון מדבר, דרומדיק פֿון ים־המלח, אויף דעם אַזוי־גערופֿענעם „סאָרקפּיאָנען־געשטייג“.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער.

עס איז נאָכן זונפֿאַרגאַנג. איך זיץ מיט די יונגע פּאַסטעכער פֿון אַ נײַעם ישוב ביי באר־שבע. די שעפּסן שטייען ענג־צונויפֿגעדריקט אין אַרומגעצוימטן הויף. איך זע די טרוקענע נעז זייערע און די קאָלטנס אין די ברוינלעך־שוואַרצע רוקנס. אַז כ׳קוק צום פּאַשע־פֿעלד טראַכט איך; וואָס קענען דען זיי נעמען פֿון דער דאָזיקער ווּיסטעניש. איך ווייס אַז זיי קלויבן די גראָז־וואָרצלען און די אַרויסשפּראָצן פֿון אונטער די שטיינער און אַז דאָס שלענגל־גראָז איז נאָרהאַפּט.

באַלד וועט צופֿאַלן די נאַכט.

איך דערמאָן זיך אָן דעם קעמלוועג, אָן דעם זאַמד־שטעגל ביי מיין קליין אָרעם הייזל. וואָס איז געוואָרן פון די צוויי טורקלטויבן? די שכנים וואַרטן אויף מיר. דער איינפּיסיקער שכן מיט דעם קליינעם מיידעלע זיצט איצט אויף דער שטיינערנער שוועל, דאָרט ווו עס איז געווען די שטיין־קאַרעטע פאַר בעלי־חי, דאָרט זיצט דער שכן און וואַרט אויף מיין צוריקקומען.

אַ פּאַסטעך זינגט אויס אַ ליד פון טריקעניש, פון זון און פון בענקשאַפט צו אַ רויט־האָריקער מויד.

איך האָב געפילט אַז עס נעמט מיך אַרום יענער טרויער פון אָרעמען פאַרלאָזטן דאָרף, אַ טרויער וואָס מאַכט מיך הכנעהדיק און לעשט אויס מיינע אויגן און כ׳האָב זיך געוועדט קעגן אים. איך ווייס אַז דאָס איז אַן איבערבלייב פון די איבערלעבונגען אין דער פאַרוויסטער היים. איך מוז זיך באַפרייען פון די קאַלטנס וואָס איך טראָג אין זיך. קאַלטנס פון פרעמדע פעלדער, פאַרווילדעוועטע מלחמה־פעלדער אין אייראָפּע.

און נישט ווייסנדיק ווי אַזוי עס איז געשען, האָב איך אָנגעהויבן צו רעדן. דאָס איז געווען אַן אַנטלויפן פון זיך אַליין, פון דער ענגשאַפט וואָס האָט געדריקט מיין ברוסט, אַן אַרויסרייסן זיך פון אַ געקלעם. עמיצער פירט מיך פאַר די הענט און איך גיי אַ שטילער, אַ שולדיקער אין יענעמס פוסטריט. אַז איך האָבן דערזען די שטילע שאָף אין פאַרצוימטן הויף, האָט מיך אַרומגענומען אַ רחמנות צו זיך אַליין.

איך האָב אָנגעהויבן צו דערציילן פאַר אָט די יינגלעך וועגן מיין נסיעה צו פּאַטראַ. כ׳האָב געזען ווי עס צינדן זיך אָן זייערע אויגן און אַ פרייד האָט מיך באַהערשט. די פרייד פון קענען אַרויסרייסן זיך פון אַ פאַרפלאָנטערטן געשפּאַן אין וועלכן דאָס נאַרישע לעבן האָט מיך איינגעשפּאַנט, און איך בין אַוועק צום וואונדערלעכן פעלדז, צו דעם אור־אור־אַלטן אדום־שלאָס. איך האָב צעריסן אַלע צוימען און בין געגאַנגען אויף די וועגן צום כישופדיקן באַרג.

צוערשט האָב איך גערעדט שטיל, דערציילט וועגן פעלדזן־בעקן ווו עס רוען קילע וואָלקנס אין סאַמע מיט פון מדבר, דערלעבן וויקלט זיך דער וועג צום „געשטייג פון סקאָרפּיאָנען" און מיטאַמאָל זעסטו די שטיינערנע שטאָט פון מירמל; ווייסן, בלאָען, ראָזען. די שטאָט איז אַרומגערינגלט פון אויסגעלאָשענע בערג און פון די מדבריות שווימט אַרויס דער פעלדז פּאַטראַ. די לופט ווערט דורכזעעוודיק. מיט יעדן טריט וואָס דו מאַכסט צום באַרג ווערט ער נענטער מיט אַ מייל. און וואָס נענטער — אַלץ קלאָרער זעסטו דעם פעלדז. איידלשטיינער געשליפענע, זילבער־קרוינען געהאַמערטע, רובינען גליענדיקע, גאָלד שימערירנדיקער. און איבער דעם אַלעם — דער רויטער

גראַנאַט וואָס מיניעט זיך אין פאָספאָר פון פינצטערנישן אַרויס. דער וואַדי מוסא האָט זיך אָנגעפילט מיט שפּרודלדיקע שטראָמען! דאָס איז אַן איינ־מאָליקע זעאונג! דער פעלדזן־שפּיץ רופט דיך, ער לאָקט דיך! אַן אומגע־זעענע האַנט שפּרייט פאַר דיר שאָטן־וועגן. גייסט און דיינע פיס שפּירן נישט קיין שטרויכלונגען. דער דאָרשט ווערט געקילט פון וואַסער־אָטעם. ער פאַר־וויגט דיך און אַז דו שליסט דיינע אויגן שפּירסטו דורך די אויגנדעקלעך דאָס ליכט פון אדומער פעלדז. עס דרינגט דורך דיין געביין און דו גייסט פאָרויס און פאָרויס. עס אַרט דיך נישט וואָס דו האָסט נאָך דעם פעלדז נישט דער־גרייכט. ביסט זיכער, אַז נאָך אַ ווײַלע און דיינע מידע פיס, די צעריסענע פון דערנער, וועלן באַלד טרעטן אויף די גוטע גראָז־טעפּיכער און דיינע ליפּן וועלן טרינקען דאָס קוואַל־וואַסער פון וואַדי מוסאַ. — — —

ווען איך בין שטיל געוואָרן האָב איך דערקענט אין די אויגן פון די יונגע פאַסטעכער דעם אָפּשיין פון פעלדז פּאַטראַ.

איך האָב זיך דערשראָקן פאַר דער שיכרות וואָס האָט פון מיר געשלאָגן.

ערשט איצט, בעתן שווייגן, האָב איך זיך דערמאָנט ווי אַזוי די דזשיפּ־פאָרער האָבן געלאַכט פון מיר: — דו האָסט דען געזען דעם אדומער פעלדז?... ער איז דאָך צענדליקער מייל פון דאַנען?... זעט אויס אַז די היץ האָט דיר געשלאָגן אין די שלייפן... איך האָב אָנגעהויבן צו ספקן אין דער וואָרהאַפטיקייט פון מיין זעאונג. אפשר האָב איך אויסגעחלומט אין מיטן פון מדבר דעם פעלדזיקן גן־עדן?

ניין. איך האָב אים נישט אויסגעחלומט. ער איז דאָ! איך דערקען דאָס איצט אין די אויגן פון די פאַסטעכער. איך זע דאָך דעם גראַניט־שיין אין זייערע אויגן!

פון וואַנען האָבן דען די פאַסטעכער גענומען דאָס וונדער־ליכט און די קלאָרקייט פון זייערע פּנימער, אויב נישט פון דעם פעלדז פּאַטראַ?

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך וועל מיט מיין קלענסטן צווייפל צע־שטערן די וונדער־זעאונג, אַז איך וועל אַוועקנעמען פון אונטער זייערע פיס די גרינע קוואַלן, די געזעטיקטע פעלדער, דעם ליכטיקן שימער פון זייערע בליקן און אָנשטאָט דעם אַלעם וועלן זיי בלייבן אין אַ וועלט פון מדבריות ווו עס בושעווען די זאַמדווינטן, ווו דער דאָרשט־געוויין פון שאָף רייסט אויף דאָס האַרץ און די גאָל־גרויע שלענגל־גראָזן זענען פאַרדעקט מיט זאַמדן. אַ בערגלדיקע ווייט מיט קניענדיקע קוסטעס און שוואַרץ־אויסגעהוילטע קאַר־ליק־שטאַמען, מיט שפּליטערס פון פעלדזן.

איך בין ווידער אין מיין הויז ביים פאַרלאָזטן אייזלוועג.

די שכנים האָבן זיך מיט מיר דערפרייט. איך האָב אַרויסגעריסן די טרוקן־פלאַנצן פון מיין הויף און אויפגעאַקערט די ערד.

דער שטאַרבנדיקער פּרדס איז שוין נישטאָ. אויף דעם פּוסטן שטח בויט מען קליינע הייזער. נאָר ביי די ראַנדן זענען נאָך געבליבן איינצלנעביימער. דער סיקאָמאָר, אין זיין איינזאַמקייט, איז נאָך מעכטיקער געוואָרן. אין הויף איז אַלץ ווי געווען. איך הער נאָר נישט דאָס שטילע פאַרטאָגיקע וואָרקעריי פון טורקלטויב־פּאָרל. נאָר די נאַכט־סאָווע קומט צום סאָברע־קוסט און דערמאָנט מיך מיט איר געוויין, אַז עס איז שוין האַלבנאַכט. דע־מאָלט לעש איך אויס די נאַפט־לאָמפּ און וואַנדער אַוועק צום אדומער שלאָס אויפן פעלדז פּאַטראַ — — —

— — — — — אין איינע פון יענע נעכט האָב איך אָנגעשריבן די באַלאַדע וועגן פעלדז פּאַטראַ.

דאָס איז געווען אַ געזאַנג צום מדבר.

ווי די טרויעריקע יריחו־רויזן, די נישטיקע, לעבט אַפּטמאָל־אויף דער אוראַלטער שלאָס אין זיין גאַנצער פּראַכט.

נישט יעדן איינעם איז באַשערט דאָס צו זען. און אויב עמיצער דער־זעט דעם שלאָס פאַרווישן זיך די גרענעצן פון צייט. איך ווייס אַז אין שאָטן פון די זיילן וואַרטן געדולדיק כהנים און קוקן אויס אויף דיין קומען, דו אָרעמער, טרויעריקער מענטש.

זיי ווילן דיך זאַלבן און אַוועקזעצן אויבן־אָן.

איך האָב דערציילט וועגן פעלדז אַזוי ווי ער האָט זיך מיר אַנטפּלעקט. כ׳האָב באַזונגען דעם שאָטנוועג וואָס עמיצער האָט געשפּרייט פאַר מיר, איך האָב געזונגען אין דער באַלאַדע וועגן שימער פון קילע פליגל איבער מיין צעהיצטן שאַרבן. איך האָב איר אַ סך מאָל געלייענט אין די נעכט, אין די אייגענע פיר ווענט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער בין איך אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ ציי־טונגס־ידיעה: דריי יונגע בחורים זענען געפאַלן אויפן וועג צו פּאַטראַ.

— דו זעסט אויס מיד און קראַנק. — האָט מיר געזאָגט אַ שכן.

איך בין אַוועק אַ שווייגנדיקער. ער האָט מיר נאָכגעקוקט מיט באַדויערן.

ווער זענען די דריי יונגע מענטשן? זענען דאָס נישט די פאַסטעכער פון ישוב ביי באר־שבע? איך בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. פאַרטאָג בין איך געלאָפן אין שטאָט אַריין. איך האָב געזוכט אין די צייטונגען די נעמען פון די געפאַלענע, געפרעגט ביי פאַרבייגייער.

אין זעלבן טאָג, נאָך מיטאָג, בין איך אַוועק אין קיבוץ ווו עס וווינען די פּאַסטעכער. נאָך אויפן וועג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די געפּאַלענע זענען גאָר תושבים פון ירושלים. איך האָב זיך אָבער נישט אומגעקערט פון וועג.

די פּאַסטעכער האָבן זיך מיט מיר דערפרייט. איך האָב נישט געוואָלט פרעגן אויב זיי האָבן געהערט וועגן די אומגעקומענע אויפן וועג צום פּאַטראַ און דאָך האָט מיך געפּייניקט אַ געדאַנק: אפשר האָבן זיי דערציילט פאַר באַקאַנטע וועגן דעם וווּנדערלעכן פעלדז אין אדום און די שילדערונג מיינע איז אַזוי אַרום דערגאַנגען צו די ירושלימער בחורים. אויב אַזוי טראָג איך דאָך אַ שולד פאַר זייער אומקום!

— האָט איר געהערט וואָס עס איז געשען אויפן וועג קיין פּאַטראַ?

זיי האָבן טרויעריק געשאָקלט די קעפּ.

— קענט איר עמיצן פון די דריי בחורים?

— ניין.

איך בין גלייך באַרויִקט געוואָרן. ניין, עס איז נישט מיין שולד...

איך האָב גערעדט וועגן די היצן, וועגן די מאָגערע פּאַשע־פעלדער, וועגן די שעפּסן און געטראַכט האָב איך וועגן פעלדז.

— מיר וועלן נאָך פאַר דעם וואָרן חלום וואָס הייסט „פּאַטראַ" אַ סך קרבנות געבן.

איך האָב זיך דערשראָקן פאַר מיינע אייגענע רייד. איך בין זיך אַליין פאַרלאָפן דעם וועג, געוואָלט מיט די ווערטער אָפּשוואַכן מיין שילדערונג פון פּאַטראַ מיט וואָכן צוריק. איך וויל נישט האָבן אויף מיין געוויסן לעבנס פון יונגע מענטשן.

— טאָר מען דען נישט גיין צום פעלדז?

— מען מעג... עס האָט אָבער נישט קיין זין... עס איז מסוכנדיק צו וואָגלען אין אַ וויסטן מדבר... אויף יענער זייט גרענעץ... עס קאָסט לעבנס... ער עקזיסטירט אפשר נישט, דער שלאָס.. ס'איז אַ מיראַזש... אפשר נישט מיראַזש?...

— מיראַזש? — האָט זיך אָנגערופן אַ פּאַסטעך. — דאָס שענסטע ווילסטו פון אונדז צונעמען...

— ס'איז אַן אויסטראַכטעניש מיטן פעלדז! — האָב איך געזאָגט מיט כעס און בין אַוועק.

איך האָב צעטראָטן מיט מיינע פיס דאָס וואָס איך האָב אַליין באַשאַפן. כ'האָב צעהאַקט דעם קרישטאָל, איך האָב פאַרוויסט די גרינע פעלדער און

די קוואַלן, כ׳האָב מיט האַמערקלעפּ איינגעשליידערט אוראַלטע זיילן פון
וונדערשלאָס. איך האָב אָנגעמאַכט אַ חורבן אין מיין אייגן האַרץ.

איך בין געבליבן צווישן די דערנער, צווישן אַלערליי קריכפלאַנצן און
די אייזלשטעגלעך פון פאַרלאָזטן דאָרף.

ערגעץ צווישן מיינע אַלטע ספרים ליגט די באַלאַדע וועגן פעלדז
פּאַטראַ.

איך וועל די באַלאַדע לייענען אין די נעכט נאָך פאַר דער כליפּענדיקער
בלינדער סאָווע.

# אינהאַלט




פאַרלאַג־אַדרעס:
"KIUM"
Ayacucho 352
Buenos Aires Argentina

## דערשינענע ביכער:

1. דוד בן־גוריון — נצח ישראל
2. מענדל מאַן — אין אַ פאַרוואָרלאָזטן דאָרף
3. יחיאל האַלפּערן — דער רעוואָלט פון אַ גלות־פאָלק
4. יוסף שפּרינצאַק — אין וואָרט און אין שריפט
5. ח. לייוויק — אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים.
6. אפרים דקל — געהיים־דינסט פון דער „הגנה" אין ארץ־ישראל
7. ד"ר טעאָדאָר הערצל — דערציילונגען און פעליעטאָנען
8. י. לעשטשינסקי — דאָס נאַציאָנאַלע פּנים פון גלות־יידנטום
9. מ. גראָס־צימערמאַן — יידן צווישן יידן
10. יצחק בן־צבי — מיט דער צווייטער עליה
11. רחלס לידער
12. מענדל מאַן — די גאַס פון בליענדיקע מאַנדלען

## אין שפּאַניש:

**Marie Syrkin:** Al Servicio de una Causa

## אין צוגרייטונג:

13. זלמן שזר — ליכטיקע פערזענלעכקייטן
14. יוסף וויץ — זכרונות
15. מרדכי שטריגלער — עסייען
16. שלמה סימאָן — אין די טעג פון די ערשטע נביאים

# ביכער פון זעלבן מחבר

1. די שטילקייט מאָנט, לידער, לאָדזש, 1945.
2. ירושה, לידער, רעגענסבורג, 1947.
3. אדם באהל, סיפורים, „עם עובד“, תל־אביב, 1952.
4. אויפגעוואַכטע ערד, דערציילונגען, „די גאָלדענע קייט“, תל־אביב, 1953.
5. בכפר נטוש, רומן, הוצאת „קיבוץ המאוחד“, 1953.
6. בכפר נטוש, רומן, ספריה לעם, צווייטע אויפלאַגע, 1956.
7. אין אַ פאַרוואָרלאָזטן דאָרף, פאַרלאַג „קיום“, בוענאָס־איירעס, 1954.
8. בשערי מוסקבה, הוצאת „עיינות“, תל־אביב, 1955.
9. En una aldea abandonada (שפּאַניש), ראָמאַן, בוענאָס־איירעס, 1956.
10. ביי די טויערן פון מאָסקווע, פאַרלאַג יידישער קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1956.
11. נאַכט איבער גלושינאָ, י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב, 1957.
12. ביי דער ווייסל, ראָמאַן, י. ל. פרץ־ביבליאָטעק, תל־אביב, 1958.
13. Ante las puertas de Moscú (שפּאַניש), בוענאָס־איירעס, 1958.

